מאַכט איר רידיקיול, אַ קוק געטאָן דאָרט עפּעס, אַ שטילן קלוגג געטאָן מיט שליסלען און געבליבן שטיין.

— נו, און איצט?

— איצט איז מיר געבליבן צוויי טריט...

— וווּהין?

— איך נעכטיק הײַנט בײַ אַ כאַווערטע.

— אָט האָסטו דיר.—האָט וויקטאָר שטיפעריש אַ קנייטש געטאָן מיט די אויגן,—און וואָס זאָל איך טאָן?

— אַהיים גיין.

— אַהיים?.. ווער איז זי, אײַער כאַווערטע?

ווערע זילב האָט איבערלעך אַ שמייכל געטאָן.

אָט האָסטו אים!—האָט זי פֿאַר זיך אַ טראַכט געטאָן,—ער האָט שוין אויך קײַן היים ניט... מיט טײַבלען איז בײַ אים ניט אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג און ער גייט אויך אַרום ווי אַ ניטהיגער... מיטנעמען אים? ווי ס'וועט זיך מאַכן... און זי האָט געענטפֿערט:

— מײַן כאַווערטע איז אינדערהיים ניטאָ. זי גאַסטראָלירט אין דער פּראָווינץ. זי איז אַ זינגערן. פֿון צײַט צו צײַט כאַפּ איך זיך אַראָפּ אַף אַ נאַכט צו איר אין דירע—אַ קוק טאָן און איבערשלאָפֿן דאָרטן.

לעכאַטכילע האָט וויקטאָרן פֿון איר ענטפֿער אַן איבל געטאָן. האָ-הע! די פֿרויע, זײַנען אַסאַך מיעסער, ווי זיי ווײַזן אויס פֿונדערווײַטנס. אָבער דעראָזיקער געפֿיל האָט זיך בײַ אים געהאַלטן עפּעס ווייניקער פֿון אַ רעגע. די מעגלעכקײַט צו זײַן מיט איר און ניט אַליין האָט אַן אומרו אין זײַנע גלידער אָנגעגאָסן און ער איז צו איר צוגעפֿאַלן:

— כאַווערטע ווערע... ס'איז דאָך אויסגעצייכנט! מירן צוזאַמען זיצן אַ פּאָר שאָ.

ער איז אופֿגעלעבט געוואָרן און גענומען זי אונטערן אָרעם:

— וואַרט אויס, כאַווערטע ווערע, מירן עס מאַכן געמיטלעך. יעדער מענטש האָט דאָס רעכט אַף אַ שאָ עכטער רו. האַ? קומט.

ער האָט זי אַוועקגעשלעפּט צו אַ קראָם. ער האָט געקויפֿט ווײַן און פֿרוכטן. זי איז געשטאַנען דרויסן, געוואַרט אַף אים און געשמייכלט. ווען ער איז אַרויס מיט די פּעקלעך, האָט זי אַף אים נאָענט אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

— ס'איז ניט זייער אָריגינעל, נאָר—מיילע...

— פֿאַרוואָס?—האָט ער דערווידערט,—וואָס איז דען דאָ באַנאַלעס דערין, וואָס צוויי מענטשן ווילן אַ פּאָר שאָ צוזאַמען זײַן?

— באַנאַל איז עס געוויס, מײַן ליבער כאַווער. דעריקער... די ווײַן מיט די פֿרוכטן.

— פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? בײַ אונדז, אין אונדזער שטענדיק גראָען און וואָכעדיקן אָרט לעבן איז עס... אַ שטיקל יאָנטעוו... עס ווילט זיך אָפּט זייער שטאַרק צו רו לאָזן זיך אַליין און.. אַנטלויפֿן... זײַן אַף אַ שאָ אָפּגעשיידט פֿון דעם טויזנטאויגיקן אַרום.. זײַן... מיט אַ... נאָענטן מענטשן...

זי האָט אַרויסגעריסן איר האַנט. זײַנע ווערטער זײַנען איר דערווידער געוועזן. ער האָט עס דערפֿילט און אַ טראָפּעלע זיך באַזײַטיקט. נאָר אַף איר איז אָנגעשווומען דער גליוער און גלײַכגילט און זי איז שטיל געגאַנגען בײַ זײַן זײַט. זי האָט אַ ווײַלע שפּעטער איבערגעכאַזערט פֿאַר זיך זײַנע ווערטער: „זײַן אַף אַ שאָ אָפּגעשיידט פֿון דעם טויזנטאויגיקן אַרום"—ס'איז אַן אונטערגעפֿוילטע פֿילאָזאָפֿיע.

— קומט, קומט,—האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן בײַ אַ האַנט—גענוג ווערטער! אַלע ווערטער זײַנען פּוסט, וויסט... ס'איז מיר לאַנגווײַליק,—האָט ער אויסגעשריען,—איז וואָס ווילט איר, איך זאָל שטומען? ווי איר?

— שרייַט ניט,—האָט זי צו אים געשמייכלט,—קומט, איך דערווידער ניט. ס'איז אַן אָפּגעזונדערטע דירע און איר וועט זיך זיצן וויפל איר וועט וועלן.

דאָס איז שוין געווען אַן אָפענער צוזאָג. גוט. איצט איז ער מיט איר פּאַרטיק. עס האַקט אים אַפילע אַ טראָפּעלע אין די שלייפן. דאָס בלוט צירקולירט געשווינדער, צו אַלדי שוואַרצע יאָר דאָס גאַנצע לעבן מיט אַלע אירע פּראָבלעמען! ער וועט איצט טאָן דאָס, וואָס ער וויל! ער האָט רעכט דערויף! זיין בלוט מאָנט! ווען עס האָט זיך געפאָדערט, האָט ער דאָסזעלבע ביסל בלוט זיינס געשטעלט אין קאָן... ער איז קיין פּאַכדן ניט געווען, ער איז פון קיינעם ניט אָפּגעשטאַנען. איצט מאָנט זיין בלוט און שרייַט: גיב מיר פרייד! גיב! איך האָב עס פאַרדינט! איך קאָן אָן דעם ניט אויסקומען! דערלאַנג!

ער האָט אַרויסגעוואָרפן זיין פרייַע האַנט און אַרומגענומען זי. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אַף אים:

— דאָ איז דרויסן. אַ מיליציאָנער וועט אייַך אין ראַיאָן פאַרבעטן, איר שטערט די געזעלשאַפטלעכע רו...

— ניט קיין געפאַר,—האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן,—דער געזעלשאַפטלעכער אומרו שטערט מיר אויך גאַנץ אָפט...

— אַהאָ!.. אין דעם הויף איז עס.

זיי האָבן זיך אופגעהויבן אַף האַלב-טונקעלע, הילכיקע און דומפּיקע טרעפּ. ווען זי האָט איר כאַווערטעס דירע אופגעשלאָסן, האָט פון די צימערן אַן אומעט אַף איר אַ יאָג געטאָן. ווען זי האָט די ליכט אָנגעצונדן, איז דער אומעט ניט אַוועק פון איר, נאָר ער איז נאָך אַפילע פאַרשטאַרקט און פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, און ווען זי האָט פון זיך דעם מאַנטל אַראָפּגענומען און אַ קוק געטאָן אַף זיך אין שפיגל, האָט זיך איר פאַרוואָלט שרייַען, ווייַל איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי האָט דאָרטן אַ מעס דערזען. זי האָט זיך גוט צוגעקוקט צו זיך און באַשלאָסן: יאָ, זי איז טויט, אָדער זי איז גרייט דערצו. און וויקטאָר? אויך. און דער מענטש מיטן קאַפּעליוש אַף דער פּאַסיליצע איז אויך. נאָר זי איז אַ פּאַסיווער מעס און וויקטאָר—אַן אַקטיווער. יענער—דער וואָס מיט דעם פאַמיליע-נאָמען אייסעק—אויך אַן אַקטיווער און אַ מעס. אָבער דער געפיל, וואָס איז דירעקט אַרויסגעשווומען פון דערדאָזיקער איבערצייגונג אירער, האָט קיין נאָמען ניט געהאַט. דער געפיל איז געווען עפּעס אַ קלעפּיקער געמיש פון פרייד מיט אומעט, אַ געדיכטער געמיש וואָס לייגט זיך ווי נאָסער זאַמד אַפן האַרץ און דריקט... זי האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אַף זיך, אַף וויקטאָרן—יענער איז געווען פאַרנומען מיט די פלעשער—ער האָט די פּראָפּנס פון דאָרט געשלעפּט—און מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער בוילעטקייַט האָט זי דערזען, ווי זיי שטאַרבן מיט אַזאַ פאַמעלעכן, פאַמעלעכן טויט, אַז עס ווילט זיך אויסשרייען צו זיך, צו אים, צו אַלע אַזעלכע—אַ סאַך זייַנען זיי פאַראַן!

— לאָמיר שטאַרבן גיכער! עס קלעקט ניט קיין קויעך צו שטאַרבן אַזוי פאַמעלעך!

אָבער אויך דערויף האָט זי קיין קויכעס ניט געהאַט און האָט זיך דעריבער אַ פאַרמאַטערטע אַף איר שטול אַראָפּגעלאָזט און געבליבן זיצן מיט אַ פאַרדריקט האַרץ און מיט פולע פייַכטע אויגן.

(סאָף קומט).

ה. קאַמענעצקי.

# לידער.

* * *

די בלאָנדע טאָכטער האָט געוואָרפן זייער שטיבל,
דעם וועג צוריק האָט זי פאַרשלאָגן און פאַרהאַקט
און מיט דער אַלטער פאָר איז נאָר די צויג פאַרבליבן
און היט באַם שוועל דעם אויסגעטעמפטן האַק.

אין לאַנגע נעכט,
אין גרויע ווינטערדיקע רעגנס
פאַרבלייבן זיי אַליין געבויגן אַרום לאָמפ
און קוקן ביידע אַפן אויסגעמאָלטן יעגער,
ווו ס'הענגט דער שלאָס פון זייער וויסטער קראָם.

נאָר ווען דער העלער זומער שפרייט זיך אַפן יישעוו,
די פעלדער הויבן אָן אַראָפשיטן דעם צוויט,
דערהערן זיי אינאָוונט, זיצנדיק באַם טישל,
די אופגעוואַכטע לידער פון געבענטשטן שניט.

ווערט נאַכט.
אין ווייַטע שויבן צאַנקט אַ בלאַסער פלעמל,
דאָס לעצטע ליד שטאַרבט אָפ אַרום אַ ווייַטן סטויג
און אַפן שטילן אונטערגאַנג פון אַלטן קרעמער
נעמט קלאָגן דורכן ווינט די אויסגעדאַרטע צויג.

אַזוי וועט דורכלויפן אַ זומער נאָך אַ זומער,
די אַלטע, אַלטע זון וועט לעשן זיך אין פעלד,
אין איינעם אַ פאַרנאַכט, אַ שטרענגע און אַ סומנע
די הונגעריקע צויג וועט אויסגיין אַפן שוועל.

אַ בלויקייַט וועט אַראָפגיין איבער אַלע שליאַכן,
די פעלדער וועלן שטיל אַראָפשיטן דעם צוויט,
און ס'וועט נאָר שטאַרקן זיך אין גאָלדענע פאַרנאַכטן
דאָס ליד פון רייַפקייַט און אַראָפגעפירטן שניט.

* * *

אין יענעם טאָג
אַ ווײַסער שניי האָט אָנגעהויבן ווייען,
גענומען פֿאַלן איבער יעדן בליק,
און מיר, די פֿרײַוויליקע רויטאַרמייער, —
געקומען זײַנען אַלע אַפֿן בריק.

עס זײַנען אָנגעגאַנגען פֿרײַנט, באַקאַנטע,
כ'האָב אויך דײַן ברודער אָנאַזײַט דערזען,
נאָר איך האָב נײַגעריק געזוכט דײַן מאַנטל,
און דו ביזט דעמלט ערגעץ ניט געווען.

ביז האַלבן טאָג האָט אַלץ אַזוי געשומלט,
דערנאָך.
פֿונווײַטן,
מיט גלײַכן וועג
דער עלטסטער אונדזערער איז אָנגעקומען
און אַלע זײַנען מיר נאָך אים אַוועק.

פֿאַרבײַ דײַן שטוב,
פֿאַרבײַ די קליינע שויבן
מיר זײַנען דורכגעגאַנגען ריי נאָך ריי,
האָב איך די אויגן מײַנע אופֿגעהויבן
אַף דיר אַ קוק טאָן דורכן ווײַסן שניי.

נאָר ווען מיט אונדז, פֿון גרעסטן ביזן קלענסטן,
געגאַנגען זײַנען אַלע צום וואָקזאַל,
האָסטו אין שטוב אַרײַנגעשטעלט די פֿענצטער,
מיט אַלטע צײַטונגען פֿאַרקלעפּט אַ שפּאַלט.

בין איך געגאַנגען און געקוקט פֿונווייטן,
געקוקט ווי ס'פֿינקלט דורכן שויב דײַן קלייד,
ווי דו צעלייגסט אין פֿענצטער אַף א צײַטונג
אַ שוואַרצן קייל און אַ געמאַכטן קווייט.

און כ'בין אַוועק, ס'האָט אופֿגעהערט דער שניי.
די לעצטע הויפֿן זײַנען דורכגעפֿלוינן
און אַפֿן גאַנצן וועג
געבליבן זײַנען הענגען פֿאַר די אויגן
דײַן בלויער בליק,
דײַן בלייכע האַנט
און מער האָט ניט געשנייט: און כ'בין אַוועק.

פֿון יענעם טאָג און פֿאַר דער גאַנצער צײַט
האָב איך אַפֿילו שוין געזען,
אַסאַך געוואַנדערט און אַרומגעפֿאָרן,
כ׳האָלט עפּשער אויסדערציילן אַלץ בּיז גאָר,
נאָר איצט,
ווער קען עס צווינגען דעם זיקאָרן
אינגאַנצן אופֿשטעלן די אַלע יאָר.

איך האָב פֿונווײַטן גייענדיק דערקענט דיך,
אין פֿרעמדער שטאָט דיך צופֿעליק דערזען
און אײַל דיר זאָגן, אַז אין ווײַטן קאַנט
האָסטו געוויס צום גוטן זיך געענדערט,
ווי נאָך אַזעלכע טויזנטער אין לאַנד.

מיר גייען איצט און פּלאַפּלען זאַלבּאַצווייט,
נאָר פּלוצלונג נעמסטו שווייגן אין דערמאָנונג,
און איבּער יענעם קויל,
און איבּער יענעם קווייט
פֿאַרשעמסטו זיך און לאָזט אַראָפּ דעם פּאָנים
און מיטן פֿינגער שאַרסטו איבּער פּלויט.

פֿאַרויכערן מיר, ווערסטו אופֿגעמונטערט,
און ס׳הויבּט זיך אָן אַפּסנײַ אונדזער געשפּרעך,
איך קוק אַף דיר אין שטילקײַט און שטרײַך אונטער:
דאָס לעבּן ענדערט זיך און בּלײַבּט גערעכט!...

מ. אַלבערטאָן.

# אַ קאַליִפּיִקאַציע.

גערדעש האָט זיך גענומען איינמאָל פאַר אַלעמאָל:

— אַ קאַליִפּיִקאַציע. איך מוז זי שוין ערגעץ אַרײַנפּאַקן, די קאַליִפּיִקאַציע.

וואָרעם אויב ער גערדעש, האָט געקענט אָפּשמײַסן עלף יאָר בײַ הירש קנאָפּ און באַשפּאַנען אים מיט זײַנע אָדלערס, און ערשט איצטער, ווען דער וואָקזאַל איז געשלאָגן, אַזוי געשלאָגן, זאָל אים דער קנאָפּ אַרויסשמיצן.

— דו ביסט—האָט געזאָגט דעמלט דער באַלעבאָס צו גערדעשן און איז רויטער געוואָרן פון זײַנע רויטע האָר,—דו ביסט אָן אַ קאַליכוויִקאַציע. איז נאַדיר, זיי מויכל, אַ בײַטש און טראָג אָפּ דײַן פּעלעכל, פּאָקע ס׳נאָך ניט אָפּגעבאַרעט.

געזאָגט האָט דאָס אים הירש קנאָפּ שאַבעס פאַרן עסן, ווען ער האָט אַף קידעש ניט געהאַט און איז דאָך געווען גוט שיִקער. און גראָד דעמלט איז געשטאַנען יאַרינע, וואָס דינט בײַ דער שכיינע און עס אויך געהערט. און גערדעש האָט גראָד געוואָלט, אַז יאַרינע זאָל דאָס ניט הערן.

האָט ער זיך, גערדעש, דעמלט האַלב אויסגעדרייט צום באַלעבאָס, דעם רעצייעך, און געוואָלט אים אַזוינס געבן, אַזוינס געבן, אַז ער זאָל וויסן. און ער האָט שוין אַראָפּגעלאָזט די פאַרווייעטע אויגן מיטן צווייטן עק פוזשעלע צום פאַרדאַרטן, פאַרדרייטן שטיוול (ווײַל דעמלט איז געווען די עמעסע טריקעניש), אונטערגעצויגן די הויזן, וואָס זײַנען שטענדיק לאַנג אַף אים, און מיטן גאַנצן צאָרן, וויפל ער פאַרמאָגט, האָט ער אַרויסגעהירזשעט:

— זע, זע. וואָס זשע?

— קוק אים אָן—האָט דער באַלעבאָס מיטאַמאָל אָנגעשטעלט אַ פאָר פײַערדיקע אויגן, ווי צוויי סמאָלע-קנעפּ.

— דו, געדר-רעש, פּאָדעוויס. זעלענע סאָפּליעס רינען זיך דיר פונם מאַרעכאָף. דײַן פּעדערשטע פּאָר אַכוואַטשעטע פּיס גלײַך אויס. ביסטעך גאָר סכאַקל ניט געקאָוועט.

האָט גערדעש דעמלט געפּרוווט אַ גלײַך טאָן די אויסגעבויגענע פּיס און אַרופגעזופּט דעם גערדיכטן סטראָמפּ אַרוף. נאָך אַ קליינע ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען, באַטראַכט יאַרינען, וואָס קוקט אַף אים מיט אויגן—מעגן זיי איר ברענען. און געזען האָט ער, אַז דאָס קאָפּטל, וואָס פלאַצט שיר אַף איר, איז נאָך אויסגעשמירט פונקט פונפאָרנט מיט שמאַראָווידלע. ווײַל גערדעש האָט איבדערפרי געשמירט דעם וואָגן מיט שמאַראָווידלע, האָט ער זיך און איר די הענט פאַרפּאַטשקעט.

און דאָ האָט ער זיך דערטראַכט, אַז מע דאַרף מער ניט זופּן מיט דער נאָז אַרוף. לאָז זיך אָפּצעלאָכעס דעם רעצייעך רינען אַראָפּ. ער האָט נאָר בעסער אויסגעגלײַכט די פּיס. און ווען גערדעש האָט איינגאַנצן זיך אָפּגעקערעוועט פונם באַלעבאָס, האָט ער זיך געגעבן ס׳וואָרט בענעמאָנעס, ווי בענעמאָנעס מע גיט ס׳וואָרט אַ פײַנעם פאַרשוין, ווען מע לאָזט בײַ אים איבער אַ נישקאָשעדיקן נאַדעראָף, אַז אַ קוואַליִפּיִקאַציע מוז ער ערגעץ אַך ן, כאָטש וואָס דאָס איז, און ווו מע פּאַקט עס האָט ער נאָך אַקוראַט ניט געוווסט.

דאָס איִז געווען דעמלט...

איִצט נאָך אַזויפִיל וואָגלען און מאַטערניש, ווען געדרעש האָט אָפּגעאַרבעט אַ שטיִקל צײַט באַ די אונטערערדישע פערד, האָט איִם שוין וויִדער געשאָבן באָם האַרצן: ווען יאַריִנע טוט אַ קוק, זאָגט זי, אַז דאָס איִז ניט אָט די קאַלִיפִיקאַציע, וואָס מע באַדאַרף.

דאָ, איִן די שטאַלן, ווו קעסיידעה ברענט די שײַן, איִז בלויז דאָ מער פערד, ווי באַם קנאָפּ. דאָ איִז פאַראַנען אַסאַך פערד. מיִסטאָם צוואַנציִק, אָדער דרײַסיִק פערד. אָבער וואָס זיִך אויסלערנען איִז דאָ ניִטאָ וואָס. אַז פאָרן מיִט זיי איִנערגעץ, דאַרף מען ניִט. מע דאַרף זיי בלויז אָנהאָדעווען און אָנפּאָיען פון דעם אַלעמען, וואָס דאָ איִז פאַר זיי שוין פאַרגרייט, און אַרויסגעבן זיי אַהיִנצו אַף יענער זייט שווערער טיִר.

נו, איִז האָדעווען אַ פערד באַדאַרף זיִך עפּעס געדרעש לערנען? כאָליִלע. ער דאַרף זיִך עס ניִט לערנען. אָ דאָס נײַע, וואָס ער קען: ענטפערן אַלעמאָל, ווען אַ מענטש דאַרף אַף עפּעס ענטפערן—ניִט ווי פריִער, נאָר:

— טאַ שאָ זשע?...

איִז דאָס גאָרניִט אַזוי שווער געווען זיִך אַרײַנכאַזערן. און וואָס איִז דאָס פאַר אַ קאַליִפיקאַציע? ווען יאַריִנע זעט, גייט זי גלײַך אַוועק צו דער שכיינע צוריִק.

איִז ער אַזוי, געדרעש, אַף הײַנטיִקער אופראַזשקע, אומגעגאַנגען איִן שטאַל פון איין סטאַנאָק צום צווייטן, אַרויסגעשמיִצט מיִטן אויסגעקריִמטן פוס אַ שטיִקל קויט, אונטערגעקליִבן אַביִסל היי און עס פאַרשטעקט באַם זשאָלעב. און נאָכאַמאָל גאַטראַכט, ווי קומט מען אַף יענער זײַט טיִר, קעדיי אויסלערנען זיִך די עמעסע קאַליִפיִקאַציע, אַזעלכע, ווי באַ אַלעמען דאָ איִן שאַכטע.

און געדרעש איִז וויִדער צוגעגאַנגען צו דער שווערער טיר, ווו‏היִן ס'גייען אַוועק אַזויפיִל שאַכטיאָרן מיִט לעמפּעלעך, געקוקט אַף איר מיִט אויסגעווייטע, נײַגעריִקע אויגן, אַ שמאָרע געטאָן מיִט דער נאָז און זיִך צוריִק אומגעקערט צום שטאַל, אַרומגיין פון איין סטאַנאָק צום צווייטן...

איינמאָל האָט דער הויב-שטײַג געבראָכט מיִט זיִך איִן שאַכטע אַ פריִש, גרויס פערד. ער איִז איִנגאַנצן געווען צונויפגעקאָרטשעט, געפּענטעט, פאַרפּיִנעט און שרעקלעך טרויעריק. ווען געדרעש האָט איִם צוגעבונדן, איִז ער נאָך אַ ווײַלע געלעגן אַזוי אײַנגעקאָרטשעט און מוירע געהאַט זיך אַ ריִר טאָן. געדרעש האָט איִם אויסגעגלײַכט איין פוס, נאָכדעם דעם צווייטן און די איִבעריִקע פיִס. מיִטן שטיִוול האָט איִם געדרעש ניִט אָנגעריִרט אַפיִלע,— מעג ער קרענקען. ער האָט איִם נאָר אַרומגענומען דעם האַלדז נאָך בעסער, ווי יאַריִנען, יאָ, ווי מע נעמט אַרום אַ קליין שוועסטערל. און איִם עטוואָס אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. דער פערד האָט זיִך דערשראָקן אַרומגעקוקט, אַרומגעקוקט און מיִטאַמאָל זיִך געטאָן אַ שטעל אוף, מיִט דער גאַנצער גרויס, און גלײַך, ווי אַן אונטערגעשניִטענער, אַ טראַך געטאָן אַף צוריק, אַפּן גליִטשיִקן, נאַסן באָדן.

האָט זיִך געדרעש אַרײַנגעזעצט צוויִשן דעם פערדס צאַפּלדיִקע פיִס, זיי געמאַסאַזשיִרט, איִם איִנגאַנצן געגלעט און געקראַצט לײַכט דעם האַלדז אונטער דער מאָרדע. דער פערד האָט מיִד אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און מיד מיִט די צעעפנטע נאָזלעכער געסאָפּעט.

ווען שאַכטיאָרן האָבן זיִך מיִט פלאַמענדיִקע לעמפּעלעך פון דער אופראַזשקע אומגעקערט צום שטאַם-ברונעם, האָט געדרעש זיִך איִנײַנעם מיִט זיי ניִט געלאָזט אַרויף. און אַז דער סמענער פערד-אופוועער האָט איִם געפרעגט: פאַרוואָס ער פאָרט ניִט נ אַ-ג אָ ר אַ, האָט געדרעש אַ גרויסן שמאָרע געטאָן און געענטפערט, ווי ער האָט זיִך שוין דאָ איִן שאַכטע אויסגעלערנט ענטפערן:

— נו, טאַ שאָ זשע?...—און איִז טאַקע דאָ געבליִבן.

אָבער צום פערד, כאָטש טו זיִך אַ מאַיסע אָן, האָט די גאַנצע אופראַזשקע קײַן עסן זיִך ניִט גענומען: געדרעש האָט איִם געגעבן ריינעם, געפוצטן האָבער. ער האָט יעדער

זשמעניע האָבער אַרויסגעבלאָזן און דערלאַנגט דעם פֿערד צום מויל. נאָר דער פֿערד האָט אַפֿילע די ליפּן ניט צענומען. ער האָט בלויז שווער געסאָפּעט און אַרויסגעבלאָזן איינציקע זוימען פֿון געדרעשעס דאַלאָניע.

— וואָס צאַצקעסטו זיך מיט אים?—האָט יענער אופֿזועער געמוסערט געדרעשן,—ער וועט נאָך ניט דאָס אַף זײַן לעבן פֿאַרזוכן.

האָט געדרעש דערווײַל געשוויגן און צום סאָף אופּראַזשקע, ווען דער פֿערד האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן, צוגעמען די ליפּן און עטוואָס אַ זופּ געטאָן פֿון דער דערלאַנגטער וואַסער, האָט געדרעש אויך אַ זיפֿץ געטאָן און גלײַך פֿריילעך אויסגעהירזשעט:

— נוּ. טאַ שאָ זשע?..—און ערשט דעמלט זיך אופֿגעהויבן פֿון דער שאַכטע.

...אַף ווײַטערדיקע אופּראַזשקעס האָט געדרעש מיטן נײַעם פֿערד זיך געוואָזגעט מער, ווי מיט די איבעריקע. ער פֿלעגט גאַנוועגען האָבער באַ אַנדערע פֿאַר דעם וועגן, דעם ערשטן טרונק פֿלעג ער אים דערלאַנגען, און זײַן סטאַנאָק איז קעסיידער געווען ריינער, ווי אומעטום. די אופֿזועערס מיט די שמײַסערס האָבן דערפֿאַר דעם פֿערד אַ נאָמען געגעבן:

— צאַצקע.

ניט „גאַניבאַל", ווי ס'האָט זיך געשריבן אַפֿן קאַרטאָנדל, ווען ס'איז אָנגעקומען צוגעבונדן צום פֿערדס גריווע. נאָר:

— צאַצקע!

אין עטלעכע וואַכטעס אַרום איז אין שטאַל געקומען אַ שאַכטיאָר, וועמעס פּאָנים מ'האָט ניט געזען, ווי מע זעט ניט ס'פּאָנים פֿון קיין שאַכטיאָר, און אַוועקגעפֿירט צאַצקען אַף יענער זײַט שווערער טיר. געדרעש האָט מיטן גרעסטן האַרצקלעמעניש געקוקט אַף דער טיר און געוואַרט אַף צאַצקען, ווי אַף איינעם. וואָס וועט אים ברענגען דעם ערלעכסטן גרוס.

אין אַ פּאָר שאָ אַרום האָט אים דער שאַכטיאָר צוריק געבראַכט צופֿירן. דער שאַכטיאָר איז אַפּאָנים געווען זייער אין קאָס, ווײַל נאָך דאָ אין שטאַל האָט ער דערלאַנגט צאַצקען עטלעכע רוק מיטן פֿוס אין דיך אַרײַן.

— ווי לאַנג קרענקסטו—האָט דער שאַכטיאָר געזידלט מיטן שטיוול-נאָז דעם פֿערד אין בויך אַרײַן—ווי איך וועל באַ דיר פֿאַרדינען די דרײַ אופּראַזשקעס פֿאַרן אויסלערנען דיך.

צאַצקען איז געווען ניט צו דערקענען:

ער איז אינגאַנצן געווען פֿיטש-נאַס, ווי פֿון אַ באָד און ס'האָט מיט אים געוואָרפֿן, ווי אין אַ קאַדאָכעס. ווען געדרעש האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן לעמפּעלע אים אַ קוק טאָן אין פּאָנים אַף עפּעס געוואָר ווערן, זײַנען זײַנע אויגן געווען ניט-געוויינטלעך צעעפֿנט, אָט-אָט שפּרינגען זיי אַרויס. פֿונם שטערן האָט געריננען בלוט גלײַך אין די טויט דערשראָקענע אויגן. נאָר „צאַצקע" האָט גאָרניט געפֿילט: ער האָט מיט זיי ניט געפֿינטלט. געדרעש האָט אים מיטן לעמפּעלע גוט אַרומגעקוקט און געזען, ווי פֿון די קניעס, טלאָעס יושעט אויך בלוט. פֿאַר איינע צוויי שאָ זײַנען אים די קליבעס אַזוי אַרײַנגעפֿאַלן, ווי באַ אַ פֿערד נאָך צען מאָל פֿאָרן אַפֿן וואָקזאַל און צוריק מיט זייער וואַזשנע פּאַרשוינען, אָן אַ גרעזעלע אין מויל.

געדרעש איז געווען דערהאַרגעט באַגלײַך מיט צאַצקען. ער האָט פֿון אים די גאַנצע אופּראַזשקע ניט אָפּגעטראָטן. מיט זײַן אונטערשט העמד האָט ער דעם אַרומגעווישט די וונדן, ווײַל אַ פֿערד האָט ניט ליב, אַז מע פֿאַרפּאָראָשעט אים אַ וונד. נאָכדעם געשמירט מיט יאָד. עס געגלעט, פֿאַרקעמט, געלאַשטשעט. און ווען ער האָט זיך דורכגעדרייט פֿאַרבײַ דער שווערער טיר, האָט ער מוירע געהאַט אַף איר זיך אומקוקן: זייער אַ שלעכטן גרוס האָט מען פֿונדאָרטן געבראַכט.

נאָך אַ שטיק צײַט האָט געדרעש ווי ווײַט מעגלעך פֿאַרלייגט אַ טערעץ אַף ניט צוגעבן צאַצקען צו דער אַרבעט. דער נײַער פֿערד האָט מוירע געהאַט פֿאַר איינעם מיט

אַ לעמפּעלע, ווי מע זאָל אים שיסן גלײַך אין די אויגן אַרײַן. כוּך געדרעשן, פֿלעג צאַצקע פֿאַר אַלעמען זיך פֿאַרוּקן אין אַ ווינקל, אײַנקאָרטשען זיך, ווי אַ קליין לאָשעקל און צאַפּלען מיט דער גאַנצער פֿעל.

אָבער געבן אַ פֿערד אַף צוויי אופּראַזשקעס נאָכאַנאַנד טאָר מען ניט. און סײַ ווי גיבן אים אַנדערע אופּזעערס אָפּ צו דער אַרבעט. און יעדער מאָל ברענגט מען צאַצקען פֿון דער אַרבעט אַ צעבלוטיקטן, פּיטש-נאַסן, מיט זייער צעעפּנטע, טויט דערשראָקענע אויגן.

דעריבער האָט געדרעש אָפּגערעדט מיט זיך, אַז ווען מע וועט אַף דער נאָענטסטער אופּראַזשקע נעמען צאַצקען צו דער אַרבעט, וועט געדרעש בעטן דעם פֿערד-טרײַבער אויך מיטגיין.

— קום, אויב דו וועסט ניט כאַראָטע האָבן.—האָט דער פֿערד-טרײַבער גלײַך באַשטאַנען,—וועסט אָבער טאַקע יאָ כאַראָטע האָבן.

— נו, טאַ שאָ זשע?..

---

...איצט זיצט געדרעש אַף זײַן קאָיקע אין באַראַק, באַקוקט זײַנע אַרומבאַנדאַזשירטע הענט און פֿיס און קען זיך נאָכאַמאָל ניט דערמאָנען, ווּהין האָט ער אַהינגעטאָן זײַן שאַכטיאָר-לעמפּעלע. די ערגסטע שטראָף קומט פֿאַר ניט אומקערן דאָס לעמפּל. פֿאַר אַזאַ זאַך קאָן מען צושרײַבן דעם ערשטן „פּונטק“ און גלײַך דעם צווייטן—און גיי שוין צערעכן זיך. וואָרום טאָמער גיט מען דעם ערשטן פֿרעג אין קאַנטאָר וועגן לעמפּעלע, קאָן ער ניט מיין, ווי איין ענטפֿער געבן:—נו, טאָ שאָ זשע?...

אַז ער געדענקט גאָרניט, געדרעש, טאַקע גאָרניט. ער געדענקט אַפֿילע ניט, ווי אַרום ס'האָט זיך צו אים גענומען אַזויפֿיל וווּנדן. ס'דאָרטן געווען פֿון יענער זײַט שוועדער טיר אַזוי פֿינצטער און גליטשיק. געדרעש האָט גאָרניט געקענט נאָכיאָגן דעם קאָנאָגאָן. ער האָט זיך נאָר דורכוים געגליטשעט און פֿאַרטשעפּעט, נאָכגעגליטשעט און אָנגעשלאָגן זיך.

געדרעש האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם צעבײַלטן שטערן און פּלוצים אַראָפּ פֿון בעט, אַוועקגעראָטשקעוועט אין קליינעם צימער, וואָס ס'הייסט „רויטער ווינקל“, אַף זיך אָנקוקן דאָרטן אין קליינעם שפּיגעלע.

אוי-אוי-אוי אַ מינע אויגן! פּיאָוּאוּט! פּונקט אַזעלכע דערשראָקענע, ווי בײַ צאַצקען. ס'פּאָנים איז אים אויך זייער שטאַרק אופּגעלאָפֿן, פֿאַרשוואָלן און פֿון דער צעפּלעטשעטער נאָז רינען ציפּקעלעך ניט קײַן גרינע, נאָר שוואַרצע. ערשט דאָ פֿאַרן שפּיגל פֿילט ער, דוכט זיך, געדרעש בעסער, ווי די הענט און די פֿיס זיינען אים צענערעקט און פֿאַרבאַנדאַזשירט.

האָט ער זיך אַוועקגעדרייט פֿונם שפּיגעלע און דערזען אַף די ווענט אויסגעהאַנגען פּלאַקאַטן. לייענען האָט ער ניט געקענט. נאָר אויסגעמאָלט איז געווען אַף זיי גרויסע סרייפּעס מיט פֿלאַמענדיקע שאָטנס און לעמפּעלעך געפּלאַצטע לעבן זיי; אָפּוואַלן און אונטער זיי צוגעקוועטשטע, צעקאַרדאַשעטע קעפּ. און אַף איין פּלאַקאַט האָט איינער געהאַלטן אַ האַנט איינגעקלעמט צווישן צוויי וואַגאָנטשיקעס, און ס'פּאָנעם און אויגן בײַ אים אויך אַזעלכע צוקאַליעטשעטע און דערשראָקענע, ווי בײַ געדרעשן און צאַצקען.

אַז ער האָט זיך צוריק אומגעקערט צום געלעגער, איז אים, ווי פֿון אַ ליאַפּענדיקער, פֿאַרבלאָנדזשעטער נאַכט אַרויסגעקראָכן אויסטאָרטשנדיקע בערגלעך פֿון יענעם יאָגעניש אין שאַכטע.

ווי אַזוי דער קאָנאָגאָן איז געוואָר געוואָרן דעם נאָמען—געדענקט ער ניט געדרעש. נאָר אַלעמאָל האָט ער אויסגעשריגן:

— געדרא, די פֿיס היט!

— געדרא, דעם קאָפּ בויג אָן!

— די הענט אַרויס פֿונצווישן די וואַגאָנעס, געדראָ!

נאָר ס׳געווען אַזוי פֿינצטער, אַזאַ טאַראַכקעריַי, סווישטשעריי און אַזוי ענג, אַז געדרעש האָט אַפּאָנים, שלעכט אײַנגעהערט, ניט באַוויזן אַלעס צו פֿאַרהיטן און זיך צעקאַליעטשעט דעם קאָפּ, און דעם שטערן און די פֿינגער, און די פֿיס און ערגעץ ס׳לעמפּל אַהינגעטאָן...

אין גרויסן לאַנגן באַראַק איז איצט געווען שטיל. יענע שאַכטיאָרן זײַנען שוין לאַנג אַוועק אַף דער וואַכטע, און די, וואָס זײַנען געקומען פֿון דער נאַכט-אופּראַזשקע האָבן שוין באַוויזן זײַן אין באָד, זיך אַרומוואַשן און כראָפּן שוין אַלע, ווי די פֿערד.

ס׳איז אים איצט דאָ אַזוי אומעטיק געדרעשן איינעם אַליין זײַן וואַכעדיק אין אַזאַ גרויסן באַראַק. ווײַזט אויס טאַקע, אַז די קוואַליפֿיקאַציע זיך אויסאַרבעטן איז זייער שווער. מע דאַרף זיך גוט צעדאַמען אַלע אייוורים, ביז מע פּאַקט זי, די קוואַליפֿיקאַציע. ער וואָלט גאָר איצט אַ באַלן געווען, געדרעש, זיך זען מיט צאַצקען, ווי קוקט ער אויס און ווי מע באַגייט זיך מיט אים. אָדער גאָר נאָך בעסער: זײַן איצט אינדערהיים, נאָר ניט באַם באַלעבאָס, באַם רעצייעך. לאָז גאָר איצט זײַן ניט שאַבעס. לאָז איצט בעסער זײַן אַ פּראָסטער טאָג. און ער׳ געדרעש, זעט זיך מיט יאַרינען—אַ שיקסע אַ פּאַרשוין. און ער שמירט איר אויס ס׳קאָפּטל פֿונפֿאָרנס מיט דעם, מיט וואָס זײַנע הענט זײַנען אויסגעשמירט.

אַשטייגער, אַזוי ס׳פּאָנים באַ יאַרינען איז ניט אַזוי שטאָלטנע: ס׳שטייט זייער נאָענט צו די אַקסלען. נאָר פֿונם האַלדז אָן הויבט זיך אָן מויד, ביז אין די שפּיץ פֿיס-פֿינגער, עמעס לײַב, אַזוי געדיכט, שטײַף, אַז ווען מע טוט אַפֿילע אַ שמײַס מיט אַ פּריציש בײַטש, וואָלט עס אַ קרענק זיך אײַנגעשניטן.

דאָ איז געדרעש נאָכאַמאָל אַראָפּגעקראָכן פֿון דער קאָיקע, אַרופֿגעצויגן די הויזן, נאָר זיי זײַנען אים פּלוצים ניט געפֿעלן געוואָרן: וויפֿל האָט זי אים געזאָגט יאַרינע, אַז איינמאָל זאָל ער זיך כאָטשבע אופֿנייען אַזאַ פּאָר הויזן, וואָס זאָלן זײַן אַף אים ניט אַזוי לאַנג. זיי זאָלן זײַן אַף אים פּונקט גוט, די הויזן. אַזאַ פּאָר הויזן וועט זיך שוין געדרעש ערגעץ דאָקאַזשען. ער וועט איר זיי ווײַזן. און יאַרינע וועט אַף אים קוקן מיט אויגן— מעגן זיי איר ברענען. אָבער ווי קען זיך געדרעש פּאַר איר ווײַזן אָן דער קוואַליפֿיקאַציע?..

---

ווען געדרעש האָט זיך באַלד נאָכן פֿאַרהיילן די ווונדן אַראָפּגעלאָזט אין שאַכטע, האָט ער צאַצקען געטראָפֿן גאָרניט אַזוי פֿאַרומערט, ווי ער האָט געמיינט. עמעס, די ערשטע כעג נאָך געדרעשעס ערגעץ פֿאַרפֿאַלן ווערן, האָט זיך צאַצקע געפּיעשטשעט: קעסיידער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם עק, געקערעוועט מיטן דערשלאָגענעם קאָפּ און ניט אַזוי געוואָלט עסן. אָבער איצט, זעט אויס, הויבט ער זיך אָן איבערבעטן: ער עסט, גייט אַף דער אַרבעט. און די ווונדן האָבן זיך, ווי באַ געדרעשן, צוגעטראַכנעט; אַף איינקע—שיקעס געוואָרן.

געדרעש האָט זיך אַליין קיינמאָל ניט פֿאָרגעשטעלט אַזוי אָ זען צאַצקען. ער האָט איצטער געזען אין פֿערד, אַז פֿון יענער זײַט שווערער טיר איז גאָרניט אַזוי שרעקלעך. צאַצקע האָט אים מיט די ברייט צעעפֿענטע אויגן געזאָגט, אַז מע דאַרף נאָר וועלן ליַידן. מע דאַרף באַ זיך פויעלן. און נאָכדעם, אַז ס׳גייט אַוועק אַ שטיקל צײַט, לערנט מען זיך אויס קענען לײַדן: לאָז געדרעש ניט לײַדאַטשעווען און גלײַך גיין אין שאַכטע. בלויז דאָרטן לערנט מען זיך אַלעס אויס. און דאָרטן ווערן אַלע ווונדן פֿאַרהיילט.

... צום גליק האָט זיך נאָך געדרעש געפּאַקט צו פּיליפּ כוואַסטונען. פּיליפּ אַרבעט לאַנג אין שאַכטע און איז דער בעסטער פֿערד-טרײַבער.

— געדרא, — שרײַט כוואַסטון נאָכדעם, ווי ער איז געוואָר געוואָרן זײַן טאַלמידס

נאָמען.—געדרא, האָב גאָר קײַן מוירע ניט. פֿערד-טרײַבערײַ איז די עמעסע פֿײַנע קוואַליכוויקאַציע. און איכ'ל דיך די קוואַליכוויקאַציע אויסלערנען...

און שפּעטער, ווען דער לערער מיטן טאַלמיד זײַנען אײנמאָל געזעסן אין פֿאָדערשטן וואַגאָנטשיק מיט צווײ שאַכטלעמפּעלעך, האָט פֿיליפּ אַ שטאַרקן, נאָר אַ פֿאַרדומפּענעם סווישטש געטאָן צום פֿערד. אַראָפּגעלאָזט זיך נידעריק אין וואַגאָנטשיק, קעדײ זײַן טאַלמיד זאָל בעסער הערן. און אים איבערגעגעבן דעם גרעסטן סאָד:

— מײנסט אַן עמעס, געדרא, אַז דו דאַרפֿסט זיך בײַ מיר לערנען? נײן. בײַם פֿערד, בײַ צאַצקען, לערן זיך, בײַ אים וועסטו באַקומען די גרעסטע קוואַליכוויקאַציע. אַ פֿערד, זאָלסטו וויסן, איז אַמאָל קליגער פֿון אַן אַנדער מענטשן.

נאָכדעם האָט פֿיליפּ אופֿגעשטעלט זיך און געדרעשן, אָנגעבויגן אים דעם קאָפּ איבערן וואַגאָנטשיק און געוויזן:

אָט ציט זיך אַ גרויסער קאָרידאָר, וואָס הײסט גרונט-שטרעק. אים דאַרף מען קענען, ווי זיך, ווי צאַצקע קאָן אים. מיט ברײט צעעפֿענטע אויגן אינדערפֿינצטער דאַרף מען, ווי צאַצקע, דערפֿילן ווו דעם קאָפּ אַראָפּבויגן, קעדײ מ'זאָל אים ניט אָנשלאָגן אָן אַ באַלקע און אים ניט צעשפּאַלטן. און שוין. פֿאַרטיק.

נײן, נאָך אײן זאַך:

אונטער די פֿיס דאַרף מען פֿילן, ווו ליגט אַ שטײן, אַ רעלס, אַ שפּאַלע און קאָנען אויסמײַדן.

איצט נאָך מיט שטענדיק אָנגעשפּיצטע אויערן גוט דערהערן, ווו ערגעץ ס'טרישטעט, רוקט זיך, זוכט דיך וויאַרומעט אַף דיר אָנפֿאַלן—דעמלט באַצײַטנס בלײַבן שטײן. און גרײט. אַ קוואַליפֿיצירטער קאָנאָגאָן...

און צוריק צו וועגס, נאָכדעם, ווי בײַם ברעמסבערג האָט פֿיליפּ איבערגעלאָזט די לײדיקע וואַגאָנעס און אײַנגעשפּאַנט צאַצקען אין אָנגעלאָדענע, האָט ער זיך און געדרעשן אַרופֿגעזעצט אַפֿן לעצן וואַגאָן, אַ סווישטשע געטאָן און אין זשום דערקלערט דעם טאַלמיד, פֿאַרוואָס מיט געלאָדענע וואַגאָנעס דאַרף מען פֿאָרן אַפֿן לעצטן. נאָכדעם נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט, ווי מע דאַרף זיך באַגײן אין שאַכטע מיט אַ פֿערד, אַשטײגער מיט צאַצקען, אַז ס'זאָל ניט אונטערפֿירן און ס'זאָל נאָך אַלײן לערנען, ווי זיך האַלטן אין שאַכטע.

— נאַזאַד, צאַצקע!—האָט פלוצים פֿיליפּ אויסגעשריען, און איז אַפֿן גאַנג אַראָפּגעשפּרונגען. ס'פֿערד האָט זיך שוין אָפּגעשטעלט. כוואַסטון האָט מיטן לעמפּעלע אין מויל, זיך געוואָזגעט בײַם אונטערשטן וואַגאָן און עפּעס ניט פֿאַרשטענדלעכס געוואָרטשעט. געדרעש האָט זיך שוין געשראָקן. ער האָט זיך מוירע געהאַט רירן, עפּשער האָט ער שוין דאָ עפּעס קאַליע געמאַכט.

— פֿי-י-ו, צאַצקע! — האָט כוואַסטון אַ סווישטשע געטאָן און שוין געווען פֿונױבן. דאָ האָט ער אַף זיך אַלײן געוואָרטשעט:

— שיר פֿאַרגעסן, די „ציג" שיר פֿאַרגעסן אָנטשעפּן. אַף אַן אָפּנויג—האָט ער געטורקעט געדרעשן אין אויער — טאָר מען קײנמאָל ניט פֿאַרגעסן אָנטשעפּן די „ציג". אַ ניט קאָן האַלטן שלעכט: אַ שלעכטן דרײ און די וואַגאָנטשיקעס פֿליען צוריק.

— אַלעס פֿאַרשטאַנען, געדרא?

— נו טאַ שאָ זשע?.. האָט געדרעש געענטפֿערט אינדערפֿינצטער מיט אָפּשײַ און גרעסטן כײשעק אַלײן זיך שוין פּרוּוון.

— פּררררר! — האָט צאַצקע פלוצים געגאָסן און מיט דעם אונטערגעגעבן מוט זײַן ערשטן פֿרײַנט. און פֿרײלעך אַוועקגעיאָגט איבער די רעלסן פֿון דעם אָרט, ווו ס'ברענט עלעקטרישע שײַן און ווו דער קאַנאַט גיט אַרוף אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס מיטן אָפּקאַטשענדיקן שטרעק.

— צאַצקע, צאַצקע, וועסט ניט אונטערפֿירן?...

ווען געדרעש האָט ס'ערשטע מאָל אַליין אין שאַכטע אָנגעטאָן די שלייע צאַצקן אַפֿן קאָפּ, איז אים געווען אַזוי שרעקלעך, ווי ער זאָל דעם פֿערד אָנטאָן אַ קליטשקע און אַרײַנשטופּן זײַן קאָפּ אויך אַהינצו. און אָט פֿאַרציט זיך די שלייע און וועט זיי ביידע דערוואַרגן. ער האָט זײַן שאַכט-לעמפּעלע אופֿגעהויבן צו צאַצקעס דערשראָקענע אויגן און מיט אייגענע, אויך אַזעלכע, ברייט-צעעפֿענטע, דערשראָקענע — שטום געפֿרעגט און זיך געבעטן:

— צאַצקע, צאַצקע, וועסט ניט אונטערפֿירן?.. מיך, צאַצקע טי נע פּידוועדעש?

און דאָס פֿערד האָט דעמלט אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן, וואָס דאָס האָט געהייסן, אַז ווען, ווען נאָר געדרעשן וועט ער ניט אונטערפֿירן. און צוליב מער נעמאָנעס האָט ער גענאָסן, דרײַ מאָל גענאָסן.

— אָט, אַזש טעפּער פּראַוודאַ...

... איצט ווען געדרעש הויבט זיך אויף נאָך דער אופּראַזשקע פֿון דער שאַכטע און גייט איבערן לאַנגן פּידראַשעק זייער אַ מידער, נאָר זייער אַ גליקלעכער, ווײַל ער נאָר איין זאַך: יאַרינע זאָל דאָ זײַן. לאָז זי זען, וואָס ס'הייסט קאַליפֿיקאַציע, עמעסע קאַליפֿיקאַציע.

דאָס פֿערד אין שאַכטע דאַרף מען ניט שלאָגן. מע דאַרף בלויז אַף דעם אָנטאָן די שלייע, באַקוקן צי די וואַגאָנטשיקעס זײַנען גוט פֿאַרקאַלבאָסיעט. זיך גוט דערפֿרעגן צו וועלכן ברעמסבערג זיי אָפּפֿירן. נאָכדעם זיך אַרײַנכאַפּן אין פֿאָדערשטן וואַגאָנטשיק און אַ שטאַרקן סווישטשע טאָן.

אין וואַגאָנטשיק אַרײַן נעמט מען מיט עטלעכע שטיקלעך קוילן אַף „לאָזן זיי ליגן“. וואַרפֿן מיט זיי דאַרף מען ניט. ווײַל אויב מע טוט נאָר איין געשריי:

— צאַצקע!

און צו דעם אַ סווישטש—לויפֿט ער און בויגט דעם קאָפּ, ווו מע דאַרף. און היט גוט די פֿיס.

נאָר אַמאָל, אַזוי, ס'מאַכט זיך: עס לויפֿט ניט גוט ס'פֿערדל. גיט מען דעם אַ וואָרף אַ שטיקל קויל, לויפֿט עס שוין אָן איין פֿאַרטשעפּעלע, ביז ס'קומט צום ערשטן ברעמסבערג, און דאָ שטעלט זיך עס גלײַך אָפּ, מאַכמעס ס'איז אַזוי געוואָינט. איז נאָך אַמאָל אַ סווישטש, אָדער אַ בעט:

— צאַצקע!

לויפֿט ער ווײַטער און לויפֿט און ספּאָטיקעט זיך אַפֿילע ניט. ביז צום צווייטן ברעמסבערג און נאָכדעם ווײַטער.

אָבער, אַז מע לויפֿט איבער עטלעכע ברעמסבערגן, שלאָגט זיך דעמלט ס'פֿערד אַראָפּ ס'פּאַנטעלעגע און ס'ווייסט ניט ווו זיך אָפּשטעלן, איז בלויז איין געשריי:

— נאַזאַד!

נאָר „נאַזאַד“, און ווי אײַנגעגראָבן שטעלט זיך עס אָפּ.

טאָמער ווײַל זיך דער פֿערד גראָד ניט אָפּשטעלן, האָט נאָך פֿיליפּ כוואַסטון, דער לערער, אָנגעזאָגט אַ געשריי טאָן:

— זאַראַזאַ!

— זאַראַזאַ, נאַזאַד!

און איין ריר בלײַבט עס גלײַך שטיין.

דאָ שפּאַנט אים געדרעש אוים און בעט אים ער זאָל אַליין אָפּשטופּן עטלעכע געלאָדענע וואַגאָנעס. צוליב טוט ער נאָר איין זאָגעלע:

— גרודיו... צאַצקע, גרודיו!

דרייט ער זיך שוין אויס דער פֿערד און טוט מיט דער ברוסט אַ שטופּ צוריק. אָ, אָ, אָך אַ מין שטופּ!..

— מימאָ!—דאַרף מען באַלד נאָכדעם אַן אַנדער זאָג טאָן. און צאַצקע גייט פֿאַרביי און שטעלט זיך מע זאָל אים איינשפּאַנען אין די אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס.

געדרעש וואָלט אַזוי אַ באַלן געוועט זיך אַראָפּלאָזן מיט יאַרינען אין שאַכטע. לאָז זי אַשטייגער זען אַזאַ זאַך: אַ וואַגאָנטשיק האָט זיך פֿאַרבורעט, אַראָפּ פֿון די רעלסן, איז גלייך צוגעטשעפּעט דעם פֿערד צו איין רעדל און אַ געשריי:

— טשוט!

ס'רעדל שטייט שוין אויף דעם רעלס.

נאָכדעם צוגעטשעפּעט דאָס פֿערד צום צווייטן רעדל און אַ געשריי:

— טשוט!

ס'צווייטע רעדל שטייט שוין אויף דעם רעלס.

יאַרינע וואָלט געזען, ווי קלוג די פֿערד זיינען דאָ, ווי צאַצקע באַהאַלט די פֿיס אונטער זיך, ווען ער דערהערט, אַז אַקעגן לויפֿן שווערע אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס, ווי צאַצקע וועט זיך פֿונם אָרט ניט רירן, אויב ער דערזעט, אַז עמיצער שווינדלט פֿונדערווייטנס מיט אַ ברענענדיק לעמפּעלע; ווי ער דערשמעקט אין דער פֿינצטער, אַז עפּעס אַ ניט גוטס דאַרף באַלד געשען און הויבט אָן מעסוקען הירזשען. און דאָס אַלץ ווייסט צאַצקע אָן פּלאַקאַטן.

און דעריקער: יאַרינע וואָלט געזען. וואָס פֿאַר אַ שאַכטיאָר געדרעש איז. ער האָט איצט געפּאַקט די עמעסע קוואַליפֿיקאַציע. ער גייט שוין אויך, ווי אַלע שאַכטיאָרן, מיט אַן אויסגעבויגענער פּלייצע. אָבער די פֿיס, גראָד זיינע פֿיס האָבן זיך אים גאָר אויסגעגלייכט.

איצט, ווען געדרעש גייט איבערן פּידאַשעק פֿון דער אַפּשאַכט-געביידע, טראַכט ער זיך, אַז ער וועט זיך קויפֿן אַ פּאָר הויזן, וועלן זיי שוין ניט זיין אויף אים צולאַנג, ווי פֿריער. אַמאַי, אַז ער שנייצט זיך איצט די נאָז, גייט באַ אים שוואַרצס-שוואַרצס. אויך ניט, ווי פֿריער.

איצט ווען געדרעש גייט אַראָפּ פֿון די טרעפּ, שטעלט ער זיך אויס, אַז אויב יאַרינע וועט אויף אים קוקן מיט אויגן, וואָס מעגן איר ברענען, וועט ער זי גוט אַרומנעמען און איר אויסשמירן דעם קאָפּטעל, וואָס פּלאַצט שיר אויף איר פּונקט פֿונפֿאָרנט ניט מיט היוניאַקעס, ניט מיט שמאַראָווידלע. ער וועט זי אויסשמירן, יאַרינען מיט קוילן. ווייל ער איז דאָך, געדרעש, אַ שאַכטיאָר, אַן עכטער שאַכטיאָר. ער האָט די עמעסע קאַליפֿיקאַציע.

טאָמער וועט זי זיך בייזערן יאַרינע, דער פּאַרשוין, און וועט אים פֿרעגן:

— יאַק טאָבי נע סטידנע, געדרא?

וועט ער אַ שמאָרע טאָן מיט דער פֿאַרשוואַרצטער נאָז און גלייך ענטפֿערן:

— נו, טאָ שאָ זשע?

און עפּשער וועט-ער איר איצט צוגעבן.

— טאַק או מענע זשע טעפּער קוואַליכוויקאַציע!..

ל. טאַלאַי.

# וועגן דער שוועסטער.

ס׳דערמאָנט זיך מיר—מײַן קליינע שוועסטער נייט.
עס איז שוין שפעט. עס ברענט אַ לאָמפּ אַ מידער.
צו פענצטער-בלויקײַט קומט די נאַכט און שטייט
און קוקט מיט אויגן הונגעריק-צעגליטע.

און ערגעץ וויינט אַ ווינט—אַ האַרבסטיק ווינט
און די מאַשין—אַ שלעפעריקע שקאַפּע.
אַ טראָפּן רעגן פונם פענצטער רינט,—
און עפּשער שוויס אַ פולער טראָפּן קאַפּעט.

נאָר ס׳גייען טעג, און וואַרעמער די נעכט,
און גאָרטנס—אין דעם בלי פון קווייטן.
מײַן יונגע שוועסטער גייט אַוועק אין צעך
מיט יאַטן און מיט שטעטלדיקע מיידלעך.

ס׳איז דורך אַ צײַט און ניִשט איין גרויסן נאָט
האָט אויסגעשטעפּט מײַן טראָט אין די אַרומען.
נאָר איינמאָל האָט די בלוט געטאָן אַ זאָד,
איך האָב געוואָלט מײַן שוועסטערל אַרומנעמען.

ווײַל כ׳האָב געטראַכט זיי זײַנען דאָרט פאַרדרייט,
זיי זײַנען פאָרט פאַרוועבט אין נעץ פון פאָדעם.
— — — — — — — — — — — —
נאָר דאָרט האָט אַלץ גערוישט,
און אַלץ האָט דאָרט געפרייט,
און אַלץ האָט זיך אין העלן שײַן געבאָדן.

איך האָב געוואָלט
מיט הייסן קאָפּ פאַרשטיין
דעם דינעם שריפט, וואָס באַוול שרײַבט אַף לײַוונט,
איך האָב געוואָלט מיט לײַב און מיט געביין
אין צעכן ליכטיקע אַף שטענדיק שוין פאַרבלײַבן.

געוווּנדערט זיך: ווער האָט עס דאָ פֿאַרזייט
אַזאַ מין ריי מיט שטאָלצע ניי-מאַשינען.
איך האָב פֿאַרגעסן זיך:
איך דאַרף דאָ זען...
איך מוז דאָך דאָ מײַן שוועסטערל געפֿינען.

# אף דיר די שולד.

דו ווילסט איך זאָל באַזינגען דיר דײַן זיג
מיט ווערטער-הילך באַשײַנען און באַפּוצן —
און דו פֿאַרלייקנט האָסט אַ שאָ אין דער פֿאַבריק,
האָסטו געפּעלשט אין זיג פֿון רעוואָלוציע.

אין שטרענגן מאַרש ז'געגאַן וואַרשטאַטן ריי
און דײַן וואַרשטאַט איז ניט אַרויס מאַרשירן.
דו ווייסט דעם שאַנד, דו ווייסט די ווײַ
אין לעצטן שטרײַט צו דעזערטירן.

איבער געגנטן און שטעט
ווי די פֿאַקלען, הייסע ווילנס ברענען.
מיט האַמערס גייען האַמערס אין געוועט,
מיט ווערעטענעס גייען ווערעטענעס.

אין גליי, אין רויך פֿאַרוויקלט זיך די ערד,
אין שטאָל געפֿלעכטן וויל זי זײַן געגורט-פֿעסט,
אַ האַנט, וואָס האָט אין שטורעם-טעג צעשטערט,
וויל ניט בלײַבן ליגן אַף די כורוועס.

און דו האָסט זיך אין רויטן שוים געזייפֿט
און טריט געשטעלט פֿאַרשיקערט—ניט געוואגטע.
אַף דיר די שולד, אויב ס'וועט אין אונדזער טראַקטער
אויספֿעלן די קלענסטע שרויף.

שאָלעם איזראַעליט.

# אין טאָליקו גיגאַנט.

I

סימכע „פשאַק“! דערדאָזיקער נאָמען פֿלעגט אַמאָל אַרופֿוואַרפֿן אַ שרעק אַף דעם פֿאַרשלאָפֿענעם שטעטל, וואָס ליגט אָפֿן וועג צום גרויסן טשוועקעס־זאַוואָד, ווען פֿון באָד־געסל פֿלעגט זיך אַ שווידערלעכער געשריי: „יאַ גאַרנאַדיר“, מיט אַ שיקערן העסלעכן גריִלצן דערהערן און יידן מיט צופֿלאַטערטע בערד, מיט פֿאַנאַנדערגעלאָזטע פאָלעס און פֿאַרדרייטע קאַרטוזן פֿלעגן לויפֿן פֿון דאָרטן מיט אויסגעפּוטשעטע אויגן.

פֿלעגט מען שוין וויסן, אַז סימכע „פשאַק“, דער באָד־הייצער, האָט זיך צעהוליעט. נאָכדעם, ווי ער פֿלעגט זיך דאָרטן אין באָד־געסל גוט אָנשרײַען און די באָד־באַדינער מיט אַנדערע פֿאַרבײַגייענדיקע פויערים גוט צעמאַזיקן, פֿלעגט ער בלײַבן ליגן אין אַ בלאָטע. דעמלט פֿלעגט זיך ווײַזן זײַן ווײַב ריווע; פֿלעגט זי אים אופֿהויבן און אונטער די הענט אַהיים אַוועקשלעפּן.

האָט ער איינמאָל, זײַן ריווען מיט אַ שעפֿל אין קאָפּ געטראָפֿן, און ווען זי איז אים אַפּגעשטאָרבן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אים פֿון בלאָטע אַרויסהויבן. דערמאָנענדיק זיך אָבער, אַז ער איז אַ „גאַרנאַדיר“ פֿון דער טערקישער מילכאָמע, וואָס האָט „פּראַוועס“, האָט ער אָנגענומען פֿאַרן האַנט זײַן בעניאָכיד, כאַימקען, און מיט אים אַוועקגעוואַנדערט פֿון שטעטל צום פּאַן מאַקשיצקעס גוט.

דאָרטן אַף מאַקשיצקעס ערד אין טאָל צווישן גרויסע בערגיקע וועלדער און בלאָטיקער טײַך, איז דער באַוווסטער גיגאַנטישער טשוועקעס־זאַוואָד געווען, וואָס האָט זיך דורך דעם אײַנגעצאַמטן טײַך אַף וואַסער טורבינעס באַוועגט.

אַהין איז סימכע „פשאַק“ מיט זײַן זון געגאַנגען. און ווען דער פּאָרעץ מאַקשיצקע וואָס איז אַ ליבהאָבער פֿון אַלטע מילכאָמע־אַנטיקן געווען, האָט זײַן דאָקומענט דערזען: „באָיעץ פֿון דער טערקישער קריג“, האָט ער אים גלײַך אַוועקגעשיקט פֿאַר אַ הייצער אין דער זאַוואָדישער באָד.

דאָרטן, אַרום באָד, האָט סימכע „פשאַק“ כאַוויירים זיך אויסגעפֿונען, מיט וועלכע ער פֿלעגט זיך גוט אָנטרינקען און שיקערערהייט ווידער שרײַען: „יאַ גאַרנאַדיר“, דערנאָך מיט העלצער און ציגל זיך שלאָגן, און אַז מע פֿלעגט באַ די גערטנער אַרום באָד מיט געעפֿנטע מויכעס ליגן בלײַבן, פֿלעגט מען צום טײַך צופֿויזען, זיך די בלוט אַרומוואַשן. דאָרטן, באָדוואַשן זיך, פֿלעגט מען זיך די הענט געבן, צוקושן זיך, דורכגעשלאָגן זיך, און ווידער — גוט, „פּאָ אַלעקסאַנדראָווסקאָמו“.

און ווען אין דער מילכאָמע־צײַט, האָט כעוורע אַ פּעסעלע ניט איבערגעקאָכטן סאַמאָהאָן פּאַטשאַפּעט און מיט דעם סימכען מעכאַבעד געווען, האָט סימכע נאָכאַנאַנד מיט היספּײַלעס געשריִען:

— גרישקע! גיס אַרײַן אין מײַן קויסע וואָס מער, „יאַ גאַרנאַדיר“!

און אַזוי שרײַענדיק „גאַרנאַדיר“, האָט ער זיך אָנגעטרונקען און אַנשלאָפֿן געוואָרן אַף אייביק.

זײַנע „פֿרײַנט“ האָבן דאַן אים אין קלײטל הינטער דער באָד אַרויסגעטראָגן, מיט אַ זאַק צוגעדעקט, דאָס פּעסעלע צוקאָפּן צוגעשטעלט, בײַ די זײַטן אָנגעצונדענע באָד־לאָמטערנס געשטעלט. אײניקע פֿון זײ האָבן זיך דערנאָך אין ריזעס פֿון ראָגושע אָנגעקלײדט, רויכעדיקע האַלאַװעשקעס אין די הענט גענומען און מיט אַ טילים־ניגן נאָך אים אַ העספּער געמאַכט, אים אָנגעזאָגט, אַז די קאָרקעס מיט די בוטלען װעלן אים גײן אַנטקעגן. דערנאָך האָט מען אים מעקאַבער געװען הינטערן „זאַסיפּ“.

II

זײַן כאַימקע האָט זיך דערנאָך געװאַלגערט אין זאַװאָדישן ייִשעװ. זומער פֿלעגט ער נעכטיקן אונטער די גאַנקעס, װינטער פֿלעגט ער זיך אַרײַנגראָבן ערגעץ אין אַ סטויג היי. אָפּטמאָל פֿלעגט ער זיך פֿאַרקלײַבן אין די נאָענטע דערפֿער און אויסבײַטן בײַ די פּאַסטעכער טשװעקעס אַף שטיקלעך ברויט.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער אויסהעלפֿן די װײַבער פֿון זאַװאָדישן ייִשעװ אין זײער שטובּיקער װירטשאַפֿט און זײ פֿלעגן אים צוװאַרפֿן אַ ביסן.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעװאָלוציע, װען דער פֿאָרעץ מאַקשיצקע איז אַנטלאָפֿן, און אַף זײַן אָרט זײַנען דײַטשישע מיליטער מיט פּולישע לעגיאָנען אָנגעקומען, און די אַרבעטער האָבן די קלײנע װיכטיקע טײלן מיט די פּאַסן פֿון די מאַשינען אָפּגעשרויפֿט, ביקסן אַף די פּלײצעס גענומען און אין װאַלד אַװעק, איז כאַימקע אויך נאָך זײ נאָכגעלאָפֿן.

שפּעטער, װען די לעגיאָנען זײַנען אַװעק, און די אַרבעטער האָבן זיך פֿון די װעלדער אומגעקערט, צוריק די טײלן פֿון די מאַשינען צוגעשרויפֿט און דעם זאַװאָד װידער אָװעקגעלאָזן, האָבן זײ זיך אַף כאַימען דערמאָנט, אים אַף זײַן טאַטנס אָרט פֿאַר אַ באָדהײצער געמאַכט.

כאָטש כאַים איז שוין דאַן אַפֿן זאַװאָד אַ גלײַכבאַרעכטיקטער אַרבעטער געװאָרן, דאָך האָבן אים פֿיל, איבערהויפּט די יוגנט, אויסגעװײַכט.

— װאָס הײסט, „סימכענע סין, פּאָהאָנע פּאַראָדע“.

װען אַרבעטער־יוגנט פֿלעגט אין אַ זומערדיקן יאָנטעװ־אָװנט אין װעלדל אַ מאַיאָװקע אײַנאָרדענען, אַפֿן פֿעלדל צװישן קוסטן פֿלעגן עטלעכע צימבלער מיט אַ פּאָר פֿידלער אונטערשפּילן, און כלאָפּצעס מיט מוידן פֿלעגן לעבן אַ גרויסן פֿלאַקער אין אַ קאַראַהאָד זיך דרײען, פֿלעגט מען אין קאַראַהאָד כאַימען ניט אַרײַנעמען.

ער פֿלעגט שטײן פֿונװײַטן און מיט קינע אָנקוקן, װי די יאַטן דרײען זיך האַסטיק, קלאַמערן זיך דערבײַ אײַן אין דער שײנער פֿרײלעכער מאַנקע יערמאַשקעװיטש, שפּרינגען פֿון איר אָפּ, באַװײַזן בעריעשאַפֿט און שפּרינגען איבערן פֿלאַקער.

אים, כאַימען, פֿלעגט זיך דערבײַ דאַכטן, אַז ער װאָלט דידאָזיקע קונצן פֿיל שענער און געלונגענער געמאַכט, װען מע װאָלט אים צוגעלאָזט.

דערפֿאַר אָבער, װען ער פֿלעגט אין אַ הײסן פֿאַרנאַכט באַמערקן, װי די מײדלעך קלײַבן זיך אַרום טײַך, פֿלעגט ער אַף אַ הויכן דעמב אַרופֿקלעטערן, זיך אויסטאָן און פֿון דאָרט אין טײַך מיטן קאָפּ אַראָפּשפּרינגען. די מײדלעך פֿלעגן אַ פֿרײלעכן הילכיקן קװיטש אַרויסלאָזן און נײַגעריקע אויגן צום טײַך פֿאַרװאַרפֿן, אין אַ װײלע אַרום פֿלעגט זיך כאַים באַװײַזן, פֿון װאַסער אַרויס ערגעץ װײַט אַף יענער זײַט...

III

מע זאָגט: עס װעט אויסקומען אַרבעטן הײַנט איבערשטונדן. פֿון אינדערפֿרי אָן איז שוין דער פֿאַרװאַלטער איבער אַלע אָפּטײלונגען אומגעלאָפֿן און אײלנדיק דערצײלט:

— „אַן עקסטרער באַפֿעל פֿון טרעסט. אין צװײ טעג אַרום מוז מען פֿיר װאַגאָן טשװעקעס אָפּשיקן, כוצדעם, רוקט זיך אונטער דער בוי־סעזאָן! מוז מען איצט אָניאָגן!“

ווי נאָר דער שטאָלענער הילכיקער קלונג פֿון דעם באָמבלדיקן שטיקל רעלס האָט זיך דערהערט, האָס זיך שוין אַן אימפּעטדיקע געשפּאַנערײַ אַרויף און אַראָפּ די טרעפּ פֿון פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען אָנגעהויבן. דאָרטן אונטן, אין די טשוועקעס-אָפּטיילונגען האָבן מאָטאָר-פּאַסן דורך די ווענט-לעכער בליצשנעל זיך געיאָגט. באַ די זײַטן האָבן אַייזערנע שפּולקע-פּעסלעך זיך געדרייט, פֿון גלאַנציקע איינגעקלאַמערטע שטאָלענע פֿויסטן, אויסגעצויגענעם דראָט געשלעפּט, אַרום זיך געוויקלט, דערנאָך אין די וואַרשטאַטן עס איבערגעגעבן. פֿון די וואַרשטאַטן האָבן שטאָלענע בלאַנקנדיקע ריפּן אין אַ געפֿלאָכטענעם טאַנץ זיך געהוידעט, געשווינט מיט אַ שרײַענדיקן קלונג זיך צוזאַמענגעשטויסן, געקנייטשט און געשפּאַרט דעם לאַנגן שנור-דראָט אין אַ פּאָר שאַרפֿע שטאָלענע ציין, וועלכע פֿלעגן אים אָפּבײַסן און אונטן אין דער פּלאַטשיקער קאַסטן שוין, ווי פֿאַרטיקע טשוועקעס, אויסשפּײַען. אַרבעטער זײַנען אײַלנדיק אַרום די וואַרשטאַטן און שפּולקע-פּעסלעך מיט אַייזערנע בעזימס, מיט שליסלען אין די הענט אַרומגעשפּרונגען, דעם וויקלדיקן דראָט אַף די פּעסלעך פֿאַריכט, די טאַנצנדיקע ריפּן אַף די וואַרשטאַטן אונטערגעשרויפּט, פֿונגטן די אויסגעשפּיגענע פֿאַרטיקע טשוועקעס מיט שעפּעלעך געשעפּט, אין קעסטלעך עס געשאָטן און אַף די רוקנס פֿון די טרעגער אָנגעלאָדן.

די טרעגער מיט צעקאָרטשעטע בערד און צוזאַמענגעשמאָלצענע לאָקן, האָבן מיט שווערע טריט אַף אַרויף צום פּאָליר-אָפּטיילונג געקלעטערט, די טשוועקעס אין גרויסע אַייזערנע באַראַבאַנעס אַרײַנגעשאָטן, און די באַראַבאַנעס האָבן זיך דערנאָך מיט אַ ליאַרעמדיקן, פֿאַרטויבטן געפּילדער דרייען גענומען.

מיט אַמאָל—סטאָפּ!

דער גאַנצער געפּילדער האָט זיך אָפּגעשטעלט. פֿון „פּראָרוב" באַם בריק איז מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם דער פֿאַרוואַקסענער פּיאָדר געלאָפֿן און אין זײַן אַרומגעפּראָרענער באָרד אַרײַנגעשריִען:

— די טורבין האָט זיך אָפּגעשטעלט, זי האָט דעם פּראָסט ניט אויסגעהאַלטן!

פֿון די צעכן האָבן זיך דערשראָקענע אַרבעטער מיט פֿאַרשטויבטע ברעמען אַרויסגעלאָזן, פֿאַרשמאָלצענע פּעלצלעך אַף די פּלייצעס אַרופֿגעכאַפּט און צום טײַך גיך אַוועקגעשפּאַנט.

באַם „פּראָרוב" האָבן זיך די זאַוואָדישע אינזשענערן געדרייט, אויסגעקוקט ווי די אָפּגעשטעלטע פֿליגלען פֿון טורבין ווערן פֿון מינוט צו מינוט, מיט גרעבערע אַייז אַרומגעשמאָלצן און דערבײַ האָפֿענונגלאָז מיט די הענט געמאַכט, געוואָרפֿן פֿרעגנדיקע בליקן אַף די אָנקומענדיקע אַרבעטער, ווי זיי וואָלטן זאָגן:

— נו, כאַוויירים, ווער איז אַ באַלן איצט אין וואַסער זיך אַראָפּלאָזן, די טורבין אַרומהאַקן און ראַטעווען דעם זאַוואָד?

די אַרבעטער האָבן אָבער פֿינצטערע בליקן צום וואַסער געוואָרפֿן, אומרויִק אַראָפּגעקוקט אַהין צו דער אַיינגעפֿראָרענער טורבין געקוועטשט פֿיבעריש מיט די פּלייצעס.

אַפֿן בריק באַם „פּראָרוב" האָבן די ווײַבער מיט די קינדער זיך אָנגעשטעלט, אַף דעם אומגליק די הענט געבראָכן, מיט פֿאַרביסענע טײַנעס איינע אַף די אַנדערע אָנגעפֿאַלן, געזוכט די שולדיקע, וועלכע האָבן די טורבין ניט פֿאַרהיט.

אונטן באַם „פּראָרוב", איז דער וויציקער מאַשיניסט קאָרמאָוו געשטאַנען, אין דער ענגער אופֿגערעגטער מענגע אַרבעטער זיך געקוועטשט, געריבן זיך די אויערן, און דערווײַלע פֿון צײַט צו צײַט געקניפּט אין הינטן דער פֿריילעכער, שיינער „קוואַסילסטשיצע" מאַנקע יערמאשקעוויטש און שפּאַסנדיק אין אויער הילכיק אַרײַנגעשעפּטשעט:

— נו מאַנקע! ביזט דאָך עפּעס אַ מיידל, וואָס דו זאָגסט קיינעם ניט אָפּ, קריך אַקאָרשט אין וואַסער אַרײַן אַרומהאַקן די טורבין—דו וועסט דאָרטן געפֿינען דײַנע טויטע אויפֿעלעך, וואָס טאַנצן דאָרטן אין וואַסער מיט שטיינדלעך אַף די העלדזלעך.

מאַנקע האָט אים אַ לײַכטן פּאַטש איבערן מויל געגעבן, ביטלדיק אַ שמייכל געטאָן, דערנאָך אַ פּײַג אונטערן נאָז אונטערגעשפּאַרט:

— נאַ, אָט האָסטו דיר! ביזט דאָך עפּעס אַ מאַשיניסט—אַ פּלאַפּלער מיט אַ שמײַסיקער צונג, וואָס קען דערציילן העלדישע מײַסעס. טאָ ווײַז אָקאָרשט אַ קונץ און קריך דער ערשטער.

אָבער אַזעלכע דרייסטע, וואָס זאָלן ווײַזן אַ קונץ אַרײַנקריכן אין אַזאַ ברענענדיקן פּראָסט אין וואַסער און דאָרטן אַרבעטן, האָבן זיך דערװײַלע ניט געפונען, כאָטש אַלע האָבן אף אַזעלכע מיטן גאַנצן ווען אויסגעקוקט.

דער פּאַרוואַלטער צוזאַמען מיט די אינזשענערן האָבן אומרויק אומגעשפּאַנט איבערן „פּראָרוב״ מיט אייצעס זיך ארומגעטראָגן און געפיבערט.

— וואָס הייסט? נאָך עטלעכע שאָ ווערט די טורבין אינגאַנצן מיט דיקן אײַז פאַרשמאָלצן און ווערט צופּלאַצט, דאַן איז אויס מיטן זאַוואָד.

צום „פּראָרוב״ איז דערוווײַלע צוגעלאָפן דער באָד-הייצער כאַים „פּשאַק״. ער האָט זיך צוגעבויגן צום טורבין, אַ קוק געטאָן מיט אַן ערנסטן בליק אף די פאַרפראָרענע שטראָמען.

כאַים האָט דערזען אף זיך אַ סאַך פאַרצווייפלטע בליקן, וועלכע האָבן אים איבערגעשראָקן. האָט ער זיך אַ הויב געגעבן, אוועקגעלאָפן צום זאַוואָד-הויף, פונדאָרטן אַ לייטער ארויסגעטראָגן, זי אין „פּראָרוב״ אַראָפּגעלאָזן, צום טורבין זי צוגעשטעלט און ניט טראַכנדיק, גלײַך אין די בעפראָרענע שטראָמען אַראָפּגעלאָזן זיך.

איבער די אָנגעקילטע לײַבער פון דעם אַרבעטער-אוילעם איז אַ שוידער דורכגעלאָפן. דאָך האָט מען אים געשווינט אַ האַק מיט אַ גראָב-אײַזן אַהין אַראָפּגעלאָזן, מיט וועלכע ער האָט, שטייענדיק אין די געפראָרענע שטראָמען, אײַליק און פאָרזיכטיק די טורבין פון די אײַז ארומגעשיילט.

אין אַ שאָ אַרום, האָט זיך די טורבין ווידער געדרייט, און דער גאַנצער פּראָדוקטיווער געפילדער, האָט זיך צוריק אָנגעהויבן.

כאַים איז פון טײַך אַרויסגעקראָכן, צו זיך אין באָד אַוועקגעלאָפן, אָפּן וואַרעמען פאָל זיך אויסגעצויגן.

באַ די אַרבעטער האָט כאַימס טאַט אַן איבעראַשנדיקע פרייד אַרויסגערופן, און מע האָט עס איבערן גאַנצן יישעוו צעפויקט. מיינענדיק, אַז ער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען צו מאָרגן פרי צו אים אין באָד אַרײַן דעם זאַוואָדישן פעלדשער געשיקט.

נאָר גאָרניט. צו פאַרנאַכט איז ער אַראָפּגעקראָכן פון פאָל, אין זײַן פעלצל זיך אײַנגעוויקלט און אין זאַוואָדישן יישעוו צו דער אַלמאָנע קאַמאַריכע אף דער הוליאַנקע אַוועק.

דאָרטן, באַם שײַן פון קליינעם לעמפּל, איז דער באָרוועסער פעדקע מיט די צוניפגעשמאָלצענע לאָקן און צוכראַשטשעטער האַרץ געזעסן און אף זײַן האַרמאָניק אַן איינטאָניקן ניגן אונטערגעשפּילט, לעבן אים האָט אַן איינאויגלדיקער פויערל אין לאַפּטשעס אף אַ פידל מיט איין סטרונע אונטערגעגרימפּלט, און זאַוואָדישע יאַטן מיט זאַוואָדישע מיידלעך האָבן מיט זייערע שווערע שיך אף הילצערנע פּאָדעשוועס אָן דער דורכגעבראָכענער בײַכיקער פּאָדלאָגע געפּאַטשט.

דערזעענדיק כאַימען, האָבן די טענצער זיך אָפּגעשטעלט, אים אַרומגעכאַפּט מיט אַ פריילעכן געלעכטער—אָט איז דער הייליקער יאָהאַן, וואָס באָדט זיך אום ווינטער. און אונטערשטופּנדיק אים, מיט אַ הוראַ אינדערהויך שלײַדערן גענומען.

כאַים האָט זיך פון זיי אויסגעריסן, זיך אַ קוליע געגעבן; די פיס אינדערהויך פאַרוואָרפן, אין אַ „קרוק״ זיי צונויפגעדרייט און אַזוי, אַף די הענט שטייענדיק, אַ טענצל אַוועק.

ווען כאַים האָט זיך איבערגעקערט. צוריק אַף זײַנע פיס זיך אופגעשטעלט, האָבן די מיידלעך אַ היספּאַילעסדיקע פּאַטשערײַ צעקלונגען.

באַ די יאַטן האָט דערדאָזיקער כאַימס דערפאָלג אַ פאַרבאָרגענע קינע אין האַרצן אופגעוועקט, און איינער פון זיי, אין וועמענס פאַרברענטן פּאָנים עס האָט זיך אַ שיקערע פריי-

לעכקײַט געשפּיגלט, האָט ניט אויסגעהאַלטן. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון רעדל, זיך וויגנדיקערהייט צו כאַימען צוגעשאַרט, אים מיט אָפּגעצויגענע ווערטער אין פּאָנים אַרײַנגעזאָגט:

— טראָג זיך אָפּ פֿונדאַנען, דו „גראַנאַדיערסקי סין", „פּאָהאַנע פּאַראָדע", באַליידיקסט דאָ מיט דײַנע קונצן אונדזערע באַרישניעס!

עס איז געוואָרן אַ ראַעש, איין טייל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אײַנשטעלן זיך פֿאַר כאַימען, אַ צווייטער—קעגן. דאָס שטיבל האָט זיך אין גרילצנדיקן ליאַרעם גלײַך וויגן גענומען, שטימען היציקע, אויפֿגערייצטע, האָבן איינע אין די אַנדערע זיך אײַנגעביסן, זיך געפֿלאָכטן אַרום דראָענדיקע פֿויסטן, וואָס האָבן אינדערלופֿטן זיך געשלײַדערט. מאַנקע יערמאָשקעוויטש האָט אַ שפּרונג געטאָן, זיך ארײַנגעריסן אינמיטן, כאַימען הינטער זיך אַוועקגעשטופּט און דערבײַ אַ באַנומענעם געשריי דערלאַנגט:

— כעוורע! אַף די ערטער, איר וועט זיך דאָ ניט שלאָגן!

איר שטרענגער באַנומענער געשריי האָט עפּעס אַ פּלוצלונגדיקע צומישונג אַרײַנגעטראָגן. מע איז שטיין געבליבן.

איינניקע באַליידיקטע פֿון דעם, וואָס מע האָט די געשלעג איבערגעריסן, האָבן קאַעסדיק אויסגעשפּיגן:—טפֿו, איזוועסטנאָ שמאַראָ! און זיך צום טיר געלאָזן. נאָך זיי זײַנען שווײַגנדיק די איבעריקע אַרויסגעלאָפֿן.

באַלד נאָכדעם, האָט זיך דער קלונג פֿון דער זאַוואָדישער רעלס איבערן יישעווו דערהערט, און אַרבעטער, אין פעלצלעך אײַנגעהילט, האָבן פֿון די נידעריקע באַלויכטענע הײַזלעך זיך אַרויסגעלאָזן אַהין צו מאַקשיצקעס געוועזענער ווילע, איצטיקן זאַוואָדישן קלוב אַוועקגעשפּאַנט.

דאָרטן, אין דעם פֿולאָנגעזאַמלטן, גרויסן אָנגעקילטן וואָקזאַל, האָבן אַרבעטער איינע נאָך די אַנדערע זיך צום טריבונע געוואָרפֿן, מיט טמימעסדיקן ברויז אַף די ליפּן געהערט וועגן דער גרויסער וויכטיקײַט פֿון זייער זאַוואָד, וואָס ליגט פֿאַרוואָרפֿן אין אַ העק צווישן בערג און וואַסער, און אַז מע מוז אים אָפּהיטן, און וועגן טורבין און—נאָכאַמאָל טורבין.

דער לעצטער אַפֿן טריבונע האָט זיך באַוויזן דער שוימער פֿון זאַוואָדישן יישעוו, דער אַלטער טשערקעס שופּיאָן, מאַקשיצקעס געוועזענער לײַב-באַשיצער, דער באַוווּסטער שיסער. ער האָט זײַן ביקס לעבן זיך אַראָפּגעלאָזן, די גרויסע פּאַפּאַכע אַפֿן קאַרק פֿאַרוקט און מיט דער האַרטער קאַווקאַזער שטים אויסגעשריגן:

— כאַוויירים! איר געדענקט ווי אַמאָל פֿלעגט דער פּאַן מאַקשיצקע זיך גרויסן: —„ווען איך וויל, בויט מען אין שטאָט קײַן הײַזער ניט, נייט-מען אין שטאָט קײַן שטיוול ניט, סעקס און טשוועקעס וועט מען אָן מאַקשיצקען אַזוי גיך ניט קריגן". איצט, אַז מיר האָבן דידאָזיקע האָפֿערדיקע פּריצים אַפֿן „מושקע" גענומען, און די ערד מיט די זאַוואָדן זײַנען פֿאַר אונדז געבליבן, דאַרף מען קענען זײַן גוטע באַלעבאַטים עס אָפּצוהיטן. קעדיי די טורבין זאָל ניט פֿירן, דאַרף מען האָבן אַ נײַעם טורבינשטשיק.

— אַ נײַעם טורבינשטשיק—איז אַ הילכיקער געמורמל דורך די פֿאַרזאַמלטע דורכגעגאַנגען.

פֿון איינעם אַ ווינקל האָבן איינניקע בעדדיקע מיט אונטערגעשאָרענע לאַנגע קאָלטענעס אין אַ ביטלדיקן טאָן אויסגעשיפּעט:

— עפּשער דעם באָד-הייצער?

— יאָ, טאַקע דעם באָד-הייצער,—האָט אַן אויפֿגערעגטע זיך צושריען מאַנקע,—וואָס לאַכט איר פֿון אים?

— ריכטיק!—האָבן זיך שטימען דערהערט.

— וואָס זאָגט איר? כאַימען פֿאַר אַ טורבינשטשיק מאַכן?—האָט זיך אַ שטים פֿון טריבונע דערהערט—זײַט איר מאַסקים?

— יאָ, אַלע זײַנען מאַסקים, אַלע.

מ. כאַשטשעוואַצקי.

# ליִכטיִקע ליִדער.

1

ווּ נעמט מען אַ האַרץ
צוּ פֿאַרנעמען דיִ ברייט!
ווּ נעמט מען אויגן
אַזאַ ליִכטיקייַט וויִגן!
איִבער שטאָטיִשער הויך
האָט דער טאָג הייַנט צעשפּרייט,
האָט צעשלייַדערט דער טאָג
זייַנע מעכטיִקע פֿליִגל.

דאָס געפֿיִל פֿוּן דער ערד האָט פֿאַר-
לוירן דער פֿוּס,
אוּן עס דרייט זיִך דער קאָפּ,
אוּן דיִ מויערן שוויִמען,
אוּן עס דאַכט זיִך, אַז אָט,
אַז דוּ פֿיִלסט עס בעכוּש,
וויִ עס טראָגט זיִך דיִ ערד איִן צע-
זוּנגענע היִמלען.

אוּן ס'איז לויטער דער רוים,
אוּן דער היִמל איִז ריין,
אוּן קייַן וואָלקנדל טוּנקלט דעם האַר-
ציִשן שפּיִגל,
אוּן עס וויִגן זיִך וועגט
אוּן עס זיִנגט יעדער שטיין
וועגן ענדלאָזן גליִק,
וועגן ליִכטיִקן זיִגן...

עליע קאַהאַן.

# אִין גרִינעם כוידעש מאַי.

## 1־טער קאַפּיטאַל.

ס'אִיז געווען אַ ווײַסער שניי. איז דער שניי צעגאַנגען, אִיז געוואָרן מוטנע וואַסער. דער ווײַסער הימל, דער הימל-שניי אִיז אויך צעגאַנגען. אִיצטער שווימען מוטנע וואָלקנס. באַלד וועלן זיך די וואָלקנס אויך צעגיסן, וועט ווערן נאָך מער מוטנע וואַסער.

מאָניע מינקין שפּײַט איצט אַף דער וועלט. וועט די וואַסער פֿון דער וועלט מיס-טאָמע ווערן נאָך מוטנער.

אָט וואָס מען דערציילט וועגן מאָני מינקינס לעצטע ליבע-געשיכטעלע:

ער אִיז געגאַנגען פֿון דער אַרבעט מִיט פֿייגעלען און טײַבעלען. רעדט ער, און רעדט, און רעדט. און אַז מאָניע מינקין רעדט אַסאַך, דערעדט ער זיך סאָפֿקאָלסאָף.

זאָגט ער:

— איך בִין מעשוגענערווײַז פֿאַרליבט!

גיט פֿייגעלע אַ פּישטשע:

— אין מיר?...

גיט טײַבעלע אַ ווורקע:

— אין מיר?

באַמקעט מאָניע אָפּ:

— איןביידן!

פֿייגעלע איז אַ „נאַקלאַדטשיצע" אין דרוקעריי. שפּיגל-אויגן האָט זי. ווען איר גיט אַף איר אַ בליק און איר ווילט זי אַ קוק טאָן, דערזעט איר גאָר זיך. ווען איר גיט אַ קוק אין שפּיגל אַף זיך—שטעלט זיך אײַך פֿאַר פֿייגעלעס געשטאַלט. אַ מיידעלע, ווי ס'באַדאַרף צו זײַן, אַ מיידל דאַרף האָבן אַ קײַלעכדיק פּעניִמל—האָט זי עס, קײַלעכדיקע בלויע אויגן אין פּעניִמל—האָט זי עס. קײַלעכדיקע „לאַכערלעך" אין די אויגן—האָט זי עס ווידער. יאָ, מיט דער פֿייגעלע גייט אלץ צו גוט.

ס'אִיז אַזשנע פֿייגלדיק!

און אַז מאָניע קומט פֿון דער אַרבעט שטאַרק פֿאַרמאַטערט, איז גוט לעבן איר אָפּצורוען.

טײַבעלע אִיז אַ זעצערקע. אַ צולאָכעס-מיידל. אַ מיידל דאַרף האָבן אַ קײַלעכדיקן פּאָנים—האָט זי עס ניט, ווײַל זי האָט גאָר אַ שפּיציק פּאָנים, מיט ענערגישע שפּיציק-שטעכנדיקע אויגן. אַ פֿאַרשפּיצטע מיידל. זי קען אַ מענטשן ווער ווייסט ווהין פֿאַרפירן.

און אַז מאָניע אִיז אויסגערוט—קאָן זי פֿאַרמאַטערן.

זײַ זײַנען אים ביידע געפֿעלן געוואָרן. איינע דערגאַנצט דער צווייטער.

אָבער מע קאָן דאָך אליין פֿאַרשטיין, אז קײַן גוטס קאָן פֿון דעם ניט אַרויס. גלײַך, דעם ערשטן מאָל, ווי זיי האָבן זיך געוואָרפֿן אף אים קושן, האָט גלײַך איינע פֿון זיי אַ טאָעס געהאַט, און אַ קוש געטאָן גאָר דער צווייטער.

מע קאָן פֿאַרשטיין, ווי ס'איִז ווײַטער צוגעגאַנגען.

קוּשערײַ, קוּשעלעך, עפּיִזאָדיִשע קוּשן, אַ יאָסעם-קוּש. קוּרצער שטיִלשטאַנד. קריִגעלעך, קריִגערײַען.

און דעם סאָף קאָן מען סטיליִזיִרן מיִטן אָנהויב:

— געוואַלד ווי מיִר איִז ניִמעס געוואָרן.

גיִט פֿייגעלע אַ פּיִשטשע:

— איִך?...

גיִט טײַבעלע אַ ווורקע:

— איִך?...

באָמקעט מאָניע אָפּ:

— ביידע!

איִז געווען אַ ווײַסער שניי, איִז ער צעגאַנגען. איִז געוואָרן מוּטנע וואַסער. מאָניע מיִנקין שפּײַט אַף דער וועלט, וועט ווערן נאָך מוּטנער.

מאָניע מיִנקיִן לאָזט אַ רויך פֿון ליוּלקע, און זײַנע געדאַנקען צעציִען, צעקרײַזלען זיִך, און צעקריִכן ווי דער רויך. אָדער לאָמיִר זאָגן אַנדערש: די געדאַנקען צעגייען אויך און ווערן אויך מוּטנע. וואָרוּם—טאַטע יוינע! ווי ס'איִז איִם דאָס אַלץ מיִעס געוואָרן!

ער שלעפּט ווידער אַרויס טאַבאַק פֿון קעשענע, און פֿון איִר פֿאַלט אַרויס אַ צעקנייטשטע פּאַפּיִרעלע. ער גיִט אַף דעם אַ קוּק, און זײַן פּאָניִם ווערט ליִכטיִקער, און די קנייטשן פֿון פּאָניִם ווערן ניִט. אָט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּיִרעלע האָט אַרײַנגענוּמען זײַנע קנייטשן איִן זיִך.

פֿיִליִנקע, די נײַע „נאַקלאַדשיִצע”, האָט עס נעכטן געשריִבן, און זי האָט עס פֿאַרגעסן איִן בוּפֿעט אַפֿן טיִש. ער לייענט עס נאָכאַמאָל:

„טײַעריִנקע סאָניע! הײַנט האָט געטראָפֿן דאָס גרעסטע, דאָס בעסטע איִן מײַן לעבן! מײַן פֿריִערדיִקער לעבן האָט זיִך געצויגן ווי אַ שאָ-ווײַזער. דאַכט זיִך, אַז ער גייט און קאָנסט עס קיינמאָל ניִט באַמערקן. ער איִז מיִר מיעס געוואָרן! איִך האָב אַלץ געוואַרט, ווען וועל איִך עס קאָנען אָנשפּײַען אַפֿן גאַנצן לעבן מײַנעם, אַז אַלדע רוכעס און טײַוולאָניִם זאָל זויער ווערן אַפֿן האַרצן! נאָר הײַנט—איִז דער בעסטער טאָג פֿון מײַן לעבן!...”

ביים ער האָט געלייענט דעם ערשטן מאָל האָט ער זיִך דאָ אָפּגעשטעלט. ער איִז געווען איִבערצײַגט, אַז ווײַטער וועט גיין, וועגן אַ באָכערל, וואָס זי האָט אײַנגעפֿוּנען. העכער פֿון דעם האָט ער זיִך ניִט געקאָנט פֿאָרשטעלן, מאָניע מיִנקיִן!

ער איִז אָבער דערשטוינט געוואָרן, ווען ער האָט דוּרכגעלייענט ווײַטער:

„טײַעריִנקע! דוּ שטעלסט זיִך פֿאָר? הײַנט ביִן איִך צוּם ערשטן מאָל אַוועק איִן דרוּקערײַ! איִך שטעל זיִך אַוועק אַרבעטן! דער גערויש פֿון מאַשיִן, דער שאָרך פֿון פּאַפּיִר... ס'איִז מיִר ליִב ווי דער בלעטער-רויש, וועלכער געדענקט זיִך מיִר פֿון מײַן קיִנדהײַט, ווי פֿעלד-און קאָרן-מוּזיִק...

מאָניע מיִנקיִנען האָט זיִך אויסגעדאַכט, אַז פֿון פּאַפּיִרל גייט אַרויס דער דוּפֿט, דער אַראָמאַט, דער זיִסער רייעך פֿון אַרבעט, וועלכן ער האָט אויך אַמאָל געפֿיִלט. איִצט פֿיִלט ער נאָר אַ גריִלצערײַ פֿוּן אײַזן.

גריִלצערײַ פֿוּן אײַזן! זײַן האַרץ נעמט ניִט אוּף איִצט קײַן דיִנערע זאַכן. אַמאָל גיִט אַ פֿליִ פֿאַר זײַנע אויגן אַן אַמאָליִקע פֿאַרב, פֿאַרן נאָז—אַן אַמאָליִקער רייעך, אָבער לאַנג האַלט עס זיִך ניִט אײַן, און דאָס פֿאַרשוויִנדט. זײַן האַרץ איִז פֿאַרמיִסטיִקט. די ליִבע-געשיִכטעלעך—זיי לאָזן צוּביִסעלעך מיִסט אַפֿן האַרצן.

— די פֿייגעלעך מיִט די טײַבעלעך—פֿליִען זאָלן זיי צוּ אַלדע שוואַרצע יאָר!

ער דאַרף זיִך צוּריִק נעמען פֿאַר דער דערפֿיִנדוּנג. ער דאַרף זי פֿאַרענדיִקן. אַרויסשלאָגן זיִך אָט די אַלע פֿאַרדרייעניִשן פֿוּן קאָפּ, און זאָל דאָס איִם ניִט שטערן.

אָט דאָס ווײַסע שטיקל פּאַפּיר האָט אים אַרײַנגעטראָגן אַ ווײַסקײַט אין האַרצן.

אָט גייט ער אַרויס פון שטוב, אָט דערפילט ער אַ שטעקל אַף זײַן פוס. ער דער־זעט פאַר זיך אַ שיין מיידל מיט אַ דערשראָקענעם פּאָנים, און זי פּליסטערט אויס.

— עך, אַנטשולדיקט!

אַך, סאַראַ ווערטער! ווי פרילינג־פייגעלעך צעזינגען זיך אין דער אָונטדיקער לופט, ווי אַ פידל אַף אַ באַנאַכטיקן שפּיל.

ער ענטפערט, פאַרשטייט זיך, „אַדאַנק”. און ער האָט שטאַרק דערפון האַנאָע. פון גרויס האַנאָע, און עפשער גלאַט אַזוי, גייט ער ווײַטער און גיט אַ נאָס. און ער הערט לעבן זיך אַ קאָל:

— געזונטיקערהייט!

אַ מוטער מיט אַ קליין קינד אַף די הענט מיט אַ שמייכל אַף די ליפּן זאָגט עס אים.

— אַדאַנק, אַדאַנק, צוויי מאָל אַדאַנק דיר, מוטער, פאַר דײַן גוטן ווונטש, פאַר דײַן גוטן שמייכל.

איצט האָט ער האַנאָע פון אַזעלכע קלייניקײַטן! איז האָך גוט! איז דאָך אַ סימען, אַז ס'האָבן זיך צעזונגען אויך די דינערע טענער פון זײַן האַרצן.

זאָל ער האַנאָע האָבן. און ס'איז אַ יוישער, אַז איך, איר און מיר אַלע, זאָלן אים איצטער טרעטן אַף די פיס, און פון יויצע וועגן שוין אויך אַנטשולדיקן זיך. ער וואָלט אונדז אַלעמען באַדאַנקט.

אַז ער איז אַרײַן אין שטוב האָט אַף אים אַ קוק געטאָן דער קאַלענדאַר, און דער קאַלאַנדאַר האָט אים דערמאָנט, אַז נישקאָשע, ער, לעמאָשל, הויבט אָן יעדן יאָר זײַן לעבן פון איבערנײַס.

---

די מוטנע הימל־וואָלקנס האָבן זיך צעגאָסן. דער ערשטער רעגן. דורך לאַנגע וואַ־סערדיקע שטריק האָט זיך פאַרייניקט דער הימל מיט דער ערד, און אָט די וואַסערדיקע שטריק עקבערן זיך טיף אין דעם צעגאַנגענעם שניי אַרײַן. און עס דוכט זיך, אַז דער הימל ציט מיט אָט די שטריק די ערד צו זיך. דער טײַך הויבט זיך טאַקע, קרײַזלט און מאַטערט זיך, און רײַסט זיך צום הימל. הימל, עפן זיך!

מאָניע מינקין שטייט באַ דער אַרבעט, און אַן אָנגענעמע רויִקײַט פאַרפילט אים. אַ רויִ־קײַט, וואָס ער געפינט זיך איצטער אונטער אַ דאַך. דער רעגן שמײַסט אין פענצטער פון ציִנקאָגראַפיע, נאָר דאָס פענצטער שטייט אַף איין אָרט. כאָטש טו אים עפּעס!

ער גיט אַ קוק אַף דער קלישע, וועלכער ער פײַלט אַרום. אַף איר איז אָנגעמאָלט אַ פרילינג־פייזאַזש. מיטאַמאָל דערפילט ער זיך פונקט, ווי מע וואָלט אים באַשאָטן מיט בלומען.

אין צימער ווערט אַלץ פינצטערער, אין האַרצן ווערט אָבער ליכטיקער.

אויסערדעם, וואָס ס'גייט אַ רעגן, אין דער טײַוול ווייס פאַרוואָס ער איז צופרידן פון דעם, אויסערדעם מאָג ער אויך צופרידן זײַן. ער איז קימאַט פאַרטיק מיט זײַן דער־פינדונג, ס'האָט אויך וואָס צו זאָגן.

מיטיק־צײַט איז ליכטיקער געוואָרן. דער רעגן איז לויט זײַן אַלטער געוואָינהײַט גע־גאַנגען, געגאַנגען, און פלוצים זיך אָפּגעשטעלט. עס האָבן זיך איבערגעריסן די וואַסער־שטריק. די ערד האָט זיך צוריק אָפּגערוקט פון הימל. דער הימל איז העכער געוואָרן.

מיטיק־צײַט איז ליכטיקער געוואָרן. און מאָניע, לויט זײַן אַלטער געוואָינהײַט, רוקט זיך צו צום קרײַז פון די מיידלעך און פאַרכאַפּט זיך באַלד צוריק. ער האָט גאָר פאַרגעסן אַז זיי זײַנען אים אַלע מיעס. אָי, ווי מיעס געוואָרן! ס'איז שווער צוהאַלטן אַפן קאָפּ קע־סיידער.

איינע רופט אים אָבער צו:

— גיב נאָר אַ קוק אַף יענער נייַנקער. זי איז נעכטן דעם ערשטן טאָג געקומען צו דער אַרבעט, האָט זי געמיינט, אַפּאָנים, אַז זי גייט אַף אַ מאַסקאַראַד. זי איז געקומען אין אַ נייַנקער קלייד...

מאָניע גיט אַ קוק. פונווייַטן שטייט זי. ס'איז דיזועלבע, וואָס האָט פאַרגעסן נעכטן ס'צעטעלע.

— כאַ, כאַ, כאַ! מיר האָבן איר געגעבן אַ קעסטל מיט זאַק, און געהייסן איר, זי זאָל עס גיין אונטערן קראַן אייַנווייקן, כאַ-כאַ! ווי זי האָט עס געגאָסן וואַסער.

מאָניע באַטראַכט זי. אַ שיין פּעניטל. אָבער גוט אויפכאַפּן איר אויסזען האָט ער ניט געקאָנט, ווייַל אָט שטייט זי מיט אַ שטרענגן ניט-ריר-מיר-אָן-פּאָנים, ווי אַ גריכישע סקולפּטור, אָדער לאָמיר ריידן פּאָשעטער, מיט אַ פּאָנים פון אַ שילערן פון די עלטערע קלאַסן. דאָס איז, קאָנטיק, איר געוויינטלעך אויסזען. אָט גייט צו איר אָבער עמיצער צו, דער פּאָנים בייַט זיך. זי עפנט אויף אַביסל דעם מויל, קעדיי עס זאָל זיך קאָנען אַרויסגאַנגען אַ שולדיקער שמייכעלע, און זי כליאַפּעט פאַנאַנדער אַ פּאָר שולדיקע אויגן, און הערט זיך גוט איין, וואָס מע רעדט צו איר. אָט די קליינע! זי דאַרף קריגן אַ ניי אויסזען, דערווייַל ווערט זי אָן אויך דאָס אַלטע!

און אַז זי בלייַבט ווידער אַליין, בלייַבט איין האַלבער פּאָנים אַ שטרענגער, און דער אַנדער האַלבער פּאָנים שמייכלט. זי ווערט גאָר אָן איר פּאָנים. און דערפאַר ווערט זי זיך אָן, נאָכמער ווי פריער.

און אַזוי ווי זי שטייט, רוקט זיך אָן אַ גרופּע יונגע זעצער, זיי זעצן זיך אָן, מע נעמט זי פאַר די הענט, מע דריקט צו זיך.

— שיין לעבן דו מייַנס!

זי ווייס ניט וואָס צו טאָן. לאַכן צי וויינען. פאַרקרימען זיך צי שמייכלען. אָבער ניט זי לאַכט און ניט זי וויינט. אי זי שמייכלט, אי זי פאַרקרימט אים, דעם שמייכל.

סאָפּקאָלסאָף רינגלט מען זי אַרום פון אַלע זייַטן. זי מוז, מיסטאָמע, איצט פילן זיך, ווי אַ פיש, וואָס איז אַרויסגעפאַלן אַפן ברעג. אָדער עפשער גאָר, ווי אַ ווייַסער מענטש ווען ער פאַלט אַרייַן צו די רויטע. גיין פרעגן בײַ איר, ווי פילט זי זיך איצטער, איז פונדעסטוועגן קיין אַרבעט ניט.

— צו אַלדע שוואַר!...

„צע" און דער קומענדיקער זילב „יאַר" זייַנען פאַרכליפּעט געוואָרן און פאַרשוווּנדן, פונקט אַזוי ווי עס זייַנען גלייַך ניט געוואָרן די זעצער. די ווערטער זייַנען בײַ אים אַרויס, ווי פון אונטער אַ באַרג, אָדער פונקט ווי זיי וואָלטן צעבראָכן שלעסער אַרויסגייענדיק. מאָניע מינקין קאָן שרייַען. מאָניע גייט צו איר צו, זי קוקט אַף אים מיט אויגן, וואָס אי זיי לאַכן, אי זיי וויינען, אָבער זי שמייכלט, און צעקרימט אים שוין ניט, דעם שמייכל.

זי איז אים, קאָנטיק, דאַנקבאַר. אירע אויגן נעצן זיך אין דאַנקבאַרקייַט.

ער דערלאַנגט איר דאָס צעטעלע.

— איר האָט עס נעכטן פאַרגעסן אַפן טיש. כ'האָב עס פאַרגעסן אייַך אָפּגעבן.

ווי די זון נעצט זיך בײַ פאַרגיין אין טייַך, נעצט זיך, נעצט זיך, און גיט דערנאָך אַ בלישטש, אַזוי האָבן אירע אויסגענעצטע אויגן זיך איצט צעבלישטשעט.

זאָלן זיי נאָר ניט פאַרגיין, ווי די זון. זאָלן זיי בלישטשען ווייַטער. ניין! זי לאָזט אָבער אַראָפּ אירע ווייַסע-פאָרהענגלעך. זי לאָזט זיי אַראָפּ, די אויגן.

פאַרוואָס לאָזט מאָניע אויך אַראָפּ די אויגן? עפשער קוקט ער עס אַפן דיל, זען צי עס שפיגלט זיך דאָרטן ניט אָפּ פון אירע אויגן אַ שייַן!?

זי דאַנקט. זי הייסט פילינקע. זי גיט אים די האַנט. ער נעמט בײַ איר די האַנט. סאַראַ שיינע האַנט בײַ איר. סאַראַ פאַרשפּיצטע פינגערלעך. זי איז ביכלאַל שיין. ער נעמט

זיך ניט אונטער, אַז ער האָט געזען עפּעס שענערס. אָט נעמט די בראָשקע. אַפילע זי איז זייער שיין.

ער נעמט אַראָפּ און באַטראַכט איר בראָשקע.

אָ, מאָניע רעדט שוין ווידער. און אַז מאָניע רעדט, דערעדט ער זיך. ער טאָר מער ניט ריידן. ער מוז לאָזן איינמיטן וואָרט. ער גיט זיך פּלוצים אַ כאַפּ. ער טאָר איצט ניט פאַרציען קיין נייע געשיכטע. ס'איז אַ געשיכטע אָט מיט די געשיכטעס! ווי זיי קלעפּן זיך צו אים, און זיי לאָזן אים גאָרניש ניט טאָן, און זיין דערפינדונג לאָזן זיי אים ניט פאַרענדיקן.

— אַדיע!—לאָזט ער אַרויס אייניינציק וואָרט, וואָס פליט מאָדנע אַרויס ווי אַ פייגעלע פון נעסט.

— האָט מיר אַדיע!—ענטפערט זי, לאָזט זי אַרויס אַ דריילינג ווערטער, וואָס גייען אַרויס גרויסאַרטיק שיין און געשפּאַנט, ווי אַ גוטע „טראָיקע”.

און אַז ער גייט אַוועק כאַפּט ער זיך, אַז זי האָט געלאָזן באַ אים איר בראָשקע, און אים פאַלט איין אַ מאָדנער געדאַנק. ס'איז פאַרשטייט זיך אַ נאַרישקייט. אים פאַלט איין, אַז דאָס צעטעלע האָט זי דאָן אויך פאַרגעסן מיט אַ קיוון.

## 2־טער קאַפּיטל.

צעטעלעך, ווי באַבעלעך, פליען אין פרעזידיום.

איינע איז אַריינגעפאַלן אין גלאָז מיט די וואַסער, וואָס אָפן פרעזידיום-טיש—און זי טרינקט זיך דאָרטן, ווי אַ פליג.

עס רעדט דער פאַרוואַלטער פון דרוקעריי. אַ פילפאַרביקן קאָל האָט ער. לאַנגלעכע ווייסע ציינער האָט ער, און די ווערטער טאַנצן באַ אים אַרויס, ווי פון אונטער קלאַוויר. צאַרט אויסגעכאָלעטע ווערטער, קיילעכדיקע „ריישן” און פלאַטשיקע „לאַמעדן”.

אַ פייערלעכער אָוונט, ווייל עס ברענען פייערלעך אין זאַל—און זייט מויכל פאַר אַ באַנאַלער פאַרגלייכונג—עס ברענען פייערלעך אין די הערצער, און ס'ברענען פייערלעך אין די אויגן, און ס'ברענט אַ פייערל אין גלעקל, וואָס אָפן טיש, און פייערלעך—אין די קנעפּלעך און בראָשקעס פון די פרויען. און ס'גלאַנצן אָפּ פייערלעך אין די אויסגעפּאָלירטע פליכן פון אייניקע פרעזידיום-זיצער.

פון אַזויפיל פייערלעך איז דער זאַל צעהיצט. און—זייט מויכל—אויב מאָניע מינקין אין פרעזידיום שוויצט, שוויצט ער, מע קאָן דערצו ניט העלפן. וואָרעם אויב דו האָסט דערפונדן אַ נייע דערפינדונג, ווי אַזוי אַליין אויסאַרבעטן ביליק פאַרבן פאַר דער ליטאָגראַפיע—מאָגסטו צושוויצן אַביסל און אָנעמען דעם קאָוועד, וואָס דיינע כאַווייריםֹ-אַרבעטער טוען דיר אָן.

אָט רעדט דער פלעכקעפיקער קאָרעקטאָר. די עלעקטרישע שטראַלן שפּילן זיך אַף זיין פליך, זיי האָבן אים, קאָנטיק, אָגגעעלעקטריזירט, און ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט, ווי אַ מאַשין. ער האָט אַזויפיל „געגאָסן וואַסער”, אַז ער האָט זיך אַליין דערטרונקען אין זיינע רייד און ניט געוווסט ווי צו ענדיקן.

— אַ וואָרט באַקומט דער כ׳ מעטער.

מאָניע קאָן אים פאַר אַ שטילן און באַשיידענעם זעצער. אָט דער מעטער איז אים עפּעס ביז אַהער ניט געפעלן געווען פאַר זיין אָנגעצויגענעם אַריסטאָקראַטיזם, וואָס טרעפט באַ אַנדערע דרוקער, וואָס שפּאַרט דעריקער אַרויס פון זיינע געדיכטע, געדרייטע וואָנצן.

מאָניע וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט, אַז אָט דער פאַרפרעמדטער מענטשל וועט זיך איצט שטעלן ריידן וועגן אים. דאָס האָט אַף מאָניען געמאַכט אַן איינדרוק פונקט, ווי

ער וואָלט דערהערט זײַן נאָמען פֿון אַ דורכגייער אין אַ פֿרעמדער קאַלטער שטאָט. און אָט די אומדערוואַרטקײַט האָט געשאַפֿן באַ אים אַ באַזונדער געפֿיל צו דעם מעטערן. מעטער רעדט, די צונג ליגט בעהאַרכאָוועדיק, און יעדן וואָרט גיט ער מיט אים אַן אונטערקלעצל. די ווערטער דאַרפֿן זיך אָבער נאָך דורכשפּאַרן דורך זײַנע דורכגעלעכערטע ציינער, דערפֿאַר סוויסטשען זיי אונטער, ווען זיי לויפֿן אַרויס. די ווערטער זײַנען עפּעס שוואַך דערגאַנגען צום אוילעם, ווײַל אַרויסגייענדיק פֿלעגן זיי זיך פֿאַרבלאָנדזשען אין די געדיכטע האָר פֿון די וואָנצן.

נאָר צו מאָניען זײַנען די ווערטער דערגאַנגען. יעדער וואָרט איז צו אים צוגעגאַנגען און אָוועקגעזעצט זיך, ווי אַ צושויער באַ אים אין האַרצן. און מאָניע פֿילט, אַז אָט די פֿרעמד-אייגענע ווערטער אַפּלאָדירן דאָרטן באַ אים אין האַרצן. עס קלאַפּט. עס קלאַפּט לעקאָוועד דעם, וואָס דער שטילער פֿאַרפֿרעמדטער מעטער—ער האָט אויך געעפֿנט זײַן מויל לעקאָוועד דער דערפֿינדונג פֿון כ׳ מינקין, ער האָט, ווײַזט אויס, אויך אַ האַרץ צו פֿילן, ער פֿילט אויך, קעדיי צו באַגײַסטערט ווערן...

אָט דער פֿאַרפֿרעמדטער מענטש ווערט אים נאָענט...

נאָך דער רעדע דריקן זיי שטאַרק איינער דעם צווייטן די הענט.

מאָניע גיט אַ קוק אין זאַל אַרײַן, באַמערקט ער פֿילינקען, זעט ער, אַז באַ איר זײַנען עפּעס אויך די אויגן גרעסער. דערנאָך גיט ער אַ קוק אַפֿן זאַל, דוכט זיך אים, אַז דער זאַל איז אויך געוואָרן גרעסער. באַ אַלעמען זײַנען הײַנט די אויגן גרעסער. אָט קוקט אַף די לעמפּעלעך, זיי לײַכטן הײַנט אויך שטאַרקער.

אָט די פֿײַערלעך, אייגנטלעך, וואָס לײַכטן זיי?—דאָס צעגיסן זיי אַ ליכטיקע נאָענטקײַט איבערן גאַנצן זאַל.

ווײַל קוקט זיך צו—זעט ווי שטאַרק עס דריקן זיך די הענט מעטער און מינקין—ווי זיי ווילן איבערגעבן איינער דעם צווייטן זײַן באַגײַסטערונג און דאַנקבאַרקײַט.

ווײַל קוקט זיך צו אַף די דרוקער. זעצער, מיט זייער שטענדיקן שפּאָטנדיקן בליק. איצט קוקן זיי מיט אַזאַ ערנסט, און אָט די „נאַקלאַדטשיצעס“, זיי קוקן מיט אַזאַ מיידלשער באַגײַסטערונג, אַז מאָניען, גייענדיק אַהיים, פֿאַרדריסט, וואָס ער קאָן ניט די שמייכלען און בליקן אַרײַנלייגן אין קעשענע און נעמען זיי מיט זיך.

---

אין די ערשטע פֿרילינג-טעג גייסטו אַרויס אַפֿן גאַס. גרינער כוידעש מאַי. שײַנט אַ זון, שוין איינמאָל אַ זון. אירע שטראַלן טאַנצן אַף די דעכער. די בוימער לאָזן זיך פֿאַנאַנדער. גרעזעלעך קריכן דיר הינטערן פּיאַטע. אַ רייעכל פֿאַרגאַנוועט זיך אין נאָז, אַ שטראַל—אין די אויגן, אַ פֿרייד—אין האַרץ.

און אויב איר ווילט, ליבט איר זיך דאַן איין. ווײַל קיינער נויט אײַך ניט... און באַ דער אַרבעט אין דרוקערײַ טראַכט מען ניט פֿון די אויסגעזעצטע שורעס בוימער מיט די גרינע בלעטער אַף זיי. יעדער טראַכט וואָס גיכער אויסזעצן זײַנע שורעס, וואָרעם צו אינדערפֿרי דאַרפֿן פֿאַרטיק ווערן די בלעטער.

שורעס... בלעטער... זאַץ... שפּאָנעס... פּעטיט...

און אויב מאָניע מינקין וועט אַריין פֿון צינקאָגראַפֿיע, ווו ער אַרבעט, אין זעצערײַ אַפֿן איבערײַס, וועט ער הערן ווי מען רעדט וועגן אַ דערפֿינדונג—ניין! ניט וועגן זײַנער. דאָס האָט שוין עמיצער אַן אַנדערער עפּעס דערפֿונדן.

און אַף מאָניע מינקין וועט מען קוקן מיטן געוויינטלעכן שפּאָטנדיקן בליק, און דער הויכער און ברייטער זעצער קלאָץ מיט זײַן פֿעטן קאָרפּוס, וואָס האָט טאַקע ליב צו זעצן „פֿעטן קאָרפּוס“—וועט נאָך אונטערלאַכן:

— מע זאָגט, אַז דו האָסט דערפֿונדן אַ מין פּאָמאַדע...

און פֿון מאָניע מינקינען איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ נאַרישקייט—וואָס עס פֿאַרדריסט אים, וואָס מע רעדט ניט מער וועגן אים, אייביק ריידן וועגן איין זאַך קאָן מען ניט, און אַלץ גייט אַריבער.

אָט זאָל ער צוריק אַרויסגיין פֿון איבערייס אָפֿן גאָס אין עטלעכע טעג אַרום, וועט ער זען:

ס'איז שוין שפּעטער פֿרילינג. און מענטשן גייען אום, און גיבן שוין אַפֿילע ניט אַכטונג אַף דער פֿרילינגדיקער זון. די בוימער לאָזן זיך פֿאַנאַנדער, לאָזן זיי. די גרעזלעך קריכן הינטערן פּיאַטע, האָט מען עס הינטערן פּיאַטע. מע שפּייט אָפֿן גראָז און אַף דער זון קוקט מען ניט קעסיידער—מע קאָן ווערן בלינד. און אַף דער לעוואָנע איז אויך ניטאָ, וואָס צו קוקן קעסיידער. עס נעמט דוכטן, אַז זי איז בלינד.

און איצט, אַז ער גייט אין גאָס, און ער באַגעגנט דעם וואָנסעוואַטן מעטער, מיט דעמזעלבן פֿײַערלעכן שמייכל, וואָס איז געהאַנגען אַף זײַנע ליפּן בייסן פֿײַערלעכן אָוונט, און ער רוימט אים איין אַזוי כאַוועריש-אינטים:

— איך קלײַב זיך כאַסענע האָבן.

דערפֿילט מאָניע מינקין צו אים אַזאַ מין דאַנקבאַרקייט—דערפֿאַר וואָס ער האָט פֿאַר-היט צו אים זײַן פֿײַערלעכן שמייכל. און מאָניע ווייס אַזש ניט ווי צו אויסדריקן עס, און ער דערפֿילט, אַז ער דאַרף אונטערלויבן די קאַלע, וועלכע ער קאָן גאָרניט.

— זי איז אַ גוטע, גאָר אַ גוטע מיידל!

און מאָניע דערפֿילט, אַז ער האָט געקראָגן אַן אייביקן טרײַען כאַווער. און אויב עס גייט אָן פֿילינקע, אָט די נײַע „נאַקלאַדטשיצע”, מיטן פֿרישן פֿאַרב פֿון איר פּאָנים—ווי אַ נאָר וואָס אָפּגעדרוקטער נומער, און זי ציינדלט אויס מיט איר שמייכעלע:

— איך וועל אָנשרײַבן אַ נאָטיץ אין וואַנטצײַטונג וועגן אײַער דערפֿינדונג—איז ער איר אַוואַדע און אַוואַדע דאַנקבאַר. און אַז ער גיט אַף איר אַ קוק, זעט ער, אַז זי בײַט זיך שוין ניט אַזוי קעסיידער, אַז איצט האָט זי איין פּעניםל און אַף אים איז אַ פֿעסטע מינע. זי האָט זיך שוין קענטיק אײַנגעלעבט, דאָס מיידעלע, אין דרוקערײַ.

און מיט דערזעלבער באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט איר דעמלט דערלאַנגט ס'צעטעלע (פֿאַרהויבן אַביסל די האַנט, פֿאַרהויבן אַביסל די אויגן, פֿאַרהויבן אַביסל דעם שמייכל אַף די ליפּן), דערלאַנגט ער איר די בראָשקע. און ער קלײַבט זיך שוין אַראָפּלאָזן די האַנט, די אויגן, דעם שמייכל.

הויבט זי אָבער אוף אירע:

— די בראָשקע? אַך, יאָ! אַזאַ בראָשקע האָט מיר אַמאָל געשענקט אַ יינגל, וואָס איז געווען אײַנגעליבט אין מיר. דאָס איז נאָך געווען, ווען איך האָב זיך געלערנט. אַך, סאַראַ יינגל! ער האָט מיר דערנאָך געוויזן זײַן טאָגבוך. ער פֿלעגט אויסכאַזערן אַפּריער ווערטער, וואָס ער זאָל ריידן מיט מיר, און ווי ער פֿלעגט נאָר צוגיין צו מיר, פֿלעגט ער אויסריידן אַ פּאָר ווערטער און פֿאַרלירן זיך.

מאָניע מינקין הויבט צוריק די אויגן מיטן שמייכל. אָט די קליינע איז גאַנץ קלוג, און די קליינע פֿילט זיך שוין באַ זיך גאַנץ פֿעסט. נאָר אַנטקעגן וואָס האָט זי עס אים דערציילט אָט די מײַסעלע? עפּשער מיינט זי, אַז ער איז אויך אַ יינגל, ווײַל ער זאָגט איר גאָרנישט!

— צום טײַוול! ער מוז דאָס טאַקע טראַכטן פֿון זײַנע דערפֿינדונגען? ער מוז עס טאַקע קעסיידער שפּילן אַ באַלטשוווע, און מורע האָבן דורכצוגיין צווישן צוויי ווײַבער?.. ער וועט איר דערווײַזן!

— צוואַנציק טײַוולאָנים!

צוואַנציק פֿינגער. צען אירע און צען זײַנע. געפֿלאָכטן צוזאַמען. ער זעט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער.

יאָ, אין אירע אויגן מוז עפּעס זיין באַהאַלטן. וואָרעם זיי זיינען עפּעס ווי איבער־געדעקט געוואָרן.

— שטיל, פּויזע.

דאָס האָט זי געזאָגט: „איך וועל אָנשרייבן אַ נאָטיץ אין וואַנטצייטונג וועגן אייער דערפינדונג?" ווי ער האָט זיך עס פריער געפרייט איבער דעם. איצט אָבער פאַרשטייט ער. דאָס האָט זי געזאָגט נאָר, קעדיי צו אָפּשטעלן אים. און קיינער, קיינער טראַכט איצט ניט פון זיין דערפינדונג.

מאָניען פאַרדריסט? ניין, דאַכט זיך. וואָרעם ער פילט סיי־ווי־סיי אַ דאַנקבאַרקייט צו דער מיידל. ער וועט נאָך ווייזן! ער וועט נאָך דערפינדן! געבענטשט זאָלסטו זיין, מיידל, פון היינט ביז אייביק. איך בין דיר דאַנקבאַר, גיסט מיר מוט, און כ'וועל זיך פילן שול־דיק, אויב איך וועל ווידער ניט דערפינדן, ווי גוט דו ביסט מיידל, וואָס דו טרייבסט מיך ניט צוריק, צוריק, ווי אַלע אַנדערע, נאָר דו טרייבסט מיך פאָרויס. סאַראַ מייכלדיקער נאָמען איז פילינקע. וועסט דאָך קומען איינאָוונט אין סאָד אַריין?

זי וועט קומען.

זייט מויכל מאָניע מינקינען פאַר די אַלע נאַרישקייטן, וואָס ער האָט אָקאָרשט־אָ, אָנגעטרעדט. וואָרעם די מיידל מאָג טאַקע געבענטשט זיין פון היינט ביז אייביק און נאָך אַביסעלע ווייטער. וואָרעם מאָניע איז גלייך אַוועקגעלאָפן אַהיים, און זיך אַוועקגעזעצט צו זיינע מאַכשירים. און פּרווט אים איצט געבן אַ שטיצפּונקט, ער וועט אַ דריי טאָן די ערד!

## 3־טער קאַפּיטל.

אַ הייסער פרילינג־אָוונט. די טראָטואַרן זיינען פאַרפולט מיט שפּאַצירנדיקע פּאָרעלעך, וועלכע טוליען זיך שטאַרק אַזוי, אַז עס קומט אויס, אַז זיי ווילן איינער דעם צווייטן פון טראָטואַר אַראָפּשטופּן...

באַ אַסאַך שפּאַצירנדיקע זיינען אויסגעבלייכטע פּנימער,—מיסטאָמע זיינען זיי מיד פון שפּאַצירן.

אַפן הימל—אַ בלייכע לעוואָנע,—מיסטאָמע איז זי מיד פון נאָכשפּאַצירן און ניט־שלאָפן גאַנצע נעכט. און אויב אַפן וועג האָט זיך מאָניען מיט פילינקען פונקט אָנגעטראָפן מעטער, גייט ער אויך מיט זיי, מאָניע מינקין, אָט דער דערפינדער, וואָס אַרבעט אין צינקאָגראַפיע. ער איז נאָך אויך אַ מאָלער דערצו. אַף אים זאָגן די „נאַקלאַדטשיצעס", אַז ער איז אָריגינעל. סטאַרעט ער זיך מיט אַלע קויכעס צו זיין אָריגינעל. דאָס הייסט, ער מאַכט זיך אַמאָל נאַריש... אָבער אויסער דעם איז ער אַ וואָילער באָכער מיט אַ שמייכל, וואָס שוועבט שטענדיק ווי אַ באַבעלע־באַ אים אַף די ליפן. דער שמייכל איז אים אָפּטמאָל איבעריק. אָט פּרווט, לעמאָשל, „דערקלערן זיך אין ליבע" מיט אַ שמייכל אַף די ליפן. אָ, דאַן איז ער גאָר איבעריק!

מעטער, אָט דער אַריסטאָקראַטישער אַרבעטער, וואָס קלייבט זיך כאַסענע האָבן מיט אַ שטילער און באַשיידענער מיידל, איז אויך שטיל און באַשיידן.

פילינקע. זי איז פריש, ווי אַ רעגן אין אַ פרילינג־טאָג. פריש, ווי אַ מיידעלע, וואָס האָט נאָר וואָס אָפּגעגעבן עקזאַמענעס. זי איז ניט לאַנג אָנגעקומען אין דרוקעריי, און טאַקע ניט לאַנג אַ זיבניאָריקע שול געענדיקט.

אַן אָנגעברענטער, פעסט־געבויטער קערפּער פון אַ ספּאָרטסמענערן. זיי שפּאַצירן, איבערן טראָטואַר שפּאַצירן פיס. אין דער לופט שפּאַצירן הענט. אין די אויגן שפּאַצירן גלאַנצפייערלעך.

— זי האָט פיינט דרייען זיך גלאַט אַזוי אין די גאַסן.

פֿאַרשטייט מען—אַז מען דאַרף גיין אין סאָד. און זי שמייכלט, ווי אַ נאַר וואָס געבוירענע. טויזנט קליינע שמייכעלעך איז אין אירע אויגן.

מאָניע מינקין קאָן מאָלן.

זאָגט ער:

— איך בין אַ מאָלער, און איך וואָלט איבערראַשט די וועלט, ווען איך מאָל אָן אַ בילד, אויב דו וואָלסט פּאָזירן פֿאַר מיר.

און זי קוקט מיט טויזנט פֿאַרוווּנדערטע שמייכעלעך. עפּשער פֿאַרשטייט זי ניט, וואָס הייסט פּאָזירן.

— דוסט דאַרפֿן קומען יעדן טאָג צו מיר.

און זי קוקט מיט טויזנט דערשראָקענע שמייכעלעך.

— און איך וועל מאָלן פֿון דיר אַ בילד.

און זי קוקט מיט טויזנט צופֿרידענע שמייכעלעך.

און מעטער איז שטיל און באַשיידן. ער גייט און שווייַגט.

אין סאָד. אַף יעדער באַנק איז אַ פּאָרעלע. יעדער באַנק קומט אויס פּונקט אַנטקעגן דער לעוואָנע. און מע שעמט זיך פֿאַר איר ניט. מע קושט זיך אַנטקעגן דער לעוואָנע. און פֿאַרקערט, אָט איז אַ באַנק. אַ מיידל וויינט און אַ באָכער זיצט אַן אָפּגעקערטער.

נישקאָשע, מאָניע האָט וועגן וואָס צו ריידן.

ס'לוינט זיך צו פֿאַרטראַכטן. וואָרעם ווען איר זייַט פֿאַרטראַכט, באַמערקט איר ניט ווי אייַערע הענט פֿאַרבלאָנדזשען צו אירע...

און אַרום זייַנען די פּרילינג-דעקאָראַציעס: שטערן, בוימער, גראָז, רייכעס און אַ פֿאַרכאַלעשטע לעוואָנע. און אַזשנע זי צעגיסט זיך אין די אויגן...

— אַ גאָלדערנע נאַכט.

— אַ גאָלדערנע—איז זי מאַסקים.

— די לעוואָנע-שייַן צעגיסט זיך אין האַרצן.

— אין האַרצן—איז זי מאַסקים.

— און דאָס האַרץ ווערט ברייטער.

— ברייטער—איז זי מאַסקים.

— און עס ווילט זיך אַלץ צודריקן צום האַרצן און צוקושן.

— צוקושן—איז זי מאַסקים.

— נו...

— איז זי מאַסקים.

און זיי זיצן אַפֿן באַנק. און די פּרילינג-נאַכט זעצט זיך אַף זיי. און זי רייצט, און זי ברענגט צו דעם, אַז אָט די, וואָס האָבן זיך געטראָפֿן אַ פּאָר מאָל צופֿעליק—אין דרו-קערייַ—דערפֿילן זיך גאָר נאָענט איינער צום צווייטן.

הימל, טו דייַן אַרבעט! שיט מיט שטערן! ס'איז ניט דייַן אייסעק! פֿאַרקוק זיך ניט אַזוי. זאָל זיך בעסער דער כ. מעטער פֿאַרקוקן אַף דיר. וואָרעם ער שטערט אַביסל, באַ אים ליגן אַ פּאָר פֿאַרטראַכטע שטערן אין די אויגן...

און זיי שטערן...

און עס איז אַ סוואָרע, אַז ער האָט זיך איינגעליבט אין דער פּילינקע. אַ קאַשע אַף אָט די שטילע מענטשן.

און עס איז אַ סוואָרע, אָז ער קלערט איצט ניט פֿון דער שטילער באַשיידענער מיידל, מיט וועלכער ער קלייַבט זיך כאַסענע האָבן...

— גוואַלד, און אָט די פּילינקע—וואָס וויל זי? אירע קלאָרע אויגן,—פֿאַרוואָס גיסן זיי זיך אָן, אירע קרעפּטיקע הענט—פֿאַרוואָס דריקן זיי אַזוי מאָניעס, אירע ליפּן—פֿאַרוואָס פֿאַרקאַשערן זיי זיך אַזוי?... איז דען אַ סוואָרע, אַז זי איז אייַנגעליבט אין מאָניען?

ווען מע פֿרעגט איצט באַ איר:—דו האָסט ליב מאָניען? וואָלט זי געזאָגט;—ניין, איך האָב אים ניט ליב.

— וואָלסט אים אָפּגעלאָזן איצטער פֿון זיך?—ניין, איך וואָלט אים ניט אָפּגעלאָזן.

— דו האָסט אים, אַפּאָניִם, ליב?—יאָ, ס׳קאָן זײַן אַז כ׳האָב אים ליב...

פֿרעגט איצט אָבער גאָרניט באַ מאָניען, וואָרעם ער איז פֿאַרנומען. ער איז פֿאַרטראַכט אין טיפֿע מאכשאָוועס. ער קלערט, אַז ס׳איז ניט גאָר אָנגענעם צו קושן זי פֿאַרן כאַוועր אין די אויגן.

ווײַטער. זי טוליעט זיך צו אים אַלץ מער. און וואָס ווײַטער? אירע אויגן פֿאַרלויפֿן אַלץ מער. און ווײַטער? גאָרניט ווײַטער! זי קלערט שוין וועגן גאָרניט אין דער וועלט. זאָלן אַנדערע קלערן, זאָלן אַנדערע טראַכטן!

און וועגן וואָס פֿילט מאָניע, אַז ער דאַרף טראַכטן?..

ער דאַרף טראַכטן פֿאַר דרײַען, ערשטנס, פֿאַר זיך—דאַכט זיך, אַז איך פֿאַרגעס שוין ווידער. צווייטנס—דאַרף ער טראַכטן אויך פֿאַר איר—ווער איז זי?—כ׳האָב זי קאַם אַ פּאָר מאָל געטראָפֿן. איך האָב זי ליב? ניין, איך האָב זי, דאַכט זיך, ניט ליב, איז וואָס וויל איך פֿון איר? ניין, איך וויל פֿון איר גאָרניט.

און פֿאַר מעטערן... וווּ איז דאָס איצט זײַן שטילע, באַשיידענע קאַלע?.. און וואָס וויל ער פֿון פֿילינקען?

מאָניע פֿילט, אַז ער דאַרף זיך אויפֿהייבן און זאָגן: קינדערלעך, גייט אַהיים שלאָפֿן. ער הייבט זיך אָבער אויף און זאָגט צו זײַן כאַווער מיט אַזאַ שפּאָטיש-באַפֿעלעריש טאָן:

— ס׳איז הייס. אין אָנהייב סאָד איז דאָ אַ אײַזקרעם. דאָרטן איז מיסטאָמע אַ גרויסע ריי, וועסטו מוזן צושטיין.

מעטער-העך, מעטער-הין. דאָס הייסט עס טרייסלט אין אים. דאָס הייסט עס קרימט אין אים יעדער אייווער. אָבער ער גייט אַוועק.

מאָניע בלײַבט מיט איר. ער פֿילט איר בליק אַף זיך. און אים דוכט זיך, אַז אויב ער וועט בלײַבן אַזוי, וועט פֿון אים ווערן אַ קופּע זאַלץ, אָדער ער וועט פֿאַרשטיינערט ווערן.

די בלעטער פֿון די ביימער זײַנען פֿאַרנומען מיט אַ געשפּרעך.

צו אַלדע רוכעס און טײַוולאָניִם!

## 4־טער קאַפּיטל.

עס איז געווען אַ פֿאַרזאַמלונג. וועגן איבערגיין אַף אַ זיבנשאָיִקן אַרבעט-טאָג האָט מען גערעדט. און מען מוז אָנערקענען, אַז מעטער, דער שטילער מעטער, האָט אַ גאַנץ גוטע רעדע געהאַלטן, און מע מוז מאַסקים זײַן מיט מאָניע מינקין, וואָס האָט געטראַכט דערבײַ, אַז פֿאַרליבטע האָבן אַ ספּעציעלן כוש צו ריידן.

וואָס האָט אָבער מאָניע מינקין אָפּגעטאָן? אַ נאַרישקײַט. ער איז אַרויסגעטראָטן און געזאָגט, אַז מע באַדאַרף ניט דעם זיבנשאָיִקן אַרבעט-טאָג. איצט, אין דער צײַט, ווען מיר ריידן וועגן סאָציאַליסטישן געוועט, און הייבונג פֿון דער פּראָדוקציע איז עס אַן איבעריקע זאַך...

אַ נאַרישקײַט. אַ נאַרישע רעדע...

צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן, מאָניע מינקין? עפּשער האָט ער געוואָלט ווענדן די אויפֿמערקזאַמקײַט אַף זיך? אים האָט, אַפּאָניִם, פֿאַרדראָסן, וואָס דער פֿאַרוואַלטער אין זײַן באַריכט—האָט נאָר אַגעווורכע דערמאָנט וועגן זײַן דערפֿינדונג...

פֿע! פּראַווועט ער דאָך ווײַטער זײַנע אַלטע שטיק!

און עפּשער, האָט ער געוואָלט אַרויסזאָגן פּונקט פֿאַרקערט, וואָס מעטער האָט געזאָגט?

פֿע! פּראַווועט ער דאָך ווײַטער זײַנע אַלטע שטיק!

אַ נאַרישקײַט. און ער שעמט זיך דערנאָך ווײַזן פֿאַר מעטערן זײַנע אויגן—די, אייגנטלעך, אומשולדיקע אויגן.

אָבער אַז מעטער גייט צו אים צו און זאָגט:—נו... ניט דאָס האָסטו געזאָגט... דאָס איז אַן אָפּנויג, דערפֿילט ער, אַז מעטער איז דערזועלבער מעטער, אַז מעטער האָט צו אים גאָרנישט.

אַ, וואָס פֿאַר אַ מענטש עס איז אָט דער מעטער!

דערנאָך גייען זיי אַהיים. ער און מעטער טאַקע און פֿילינקע. לעכאַטכילע פֿילט ער זיך, ווי אַ גאַנעוו צווישן צוויי פּאַטרולן.

און אַז מאָניע דערזעט, אַז מעטער שווײַגט, און וואַרט דאַפּקע, אַז ער זאָל ריידן, און פֿילינקע קוקט אים גלײַך אין מויל אַרײַן און וואַרט אַף זײַנעם אַ וואָרט, דערפֿילט ער זיך שטאַרקער, דערפֿילט ער, אַז ער פֿירט זיי ביידן, און ער דערפֿילט זיך, ווי אַ פּאַטרולנער, וואָס פֿירט צוויי גאַנאָווים, און ער איינער דאַרף אַף זיי ביידן אַכטונג געבן.

די שיך פֿון די פֿיס, ווי קלוג זיי זײַנען! זיי האָבן זיך אַלע פֿאַרקערעוועט און צוועק אין סאָד. וואָרום אַף די פֿיס קאָן מען דאָס ניט זאָגן. קיינער האָט, דאַכט זיך, גאָרניט געטראַכט וועגן גיין אין סאָד. באַ דעם בײַדל, אין אָנהויב סאָד לייגט מאָניע מעטערן פֿאָר קויפֿן אײַזקרעם.

אַ מאָדנער מענטש אָט דער מעטער! ער קאָן פּונקט איבערכאַזערן זײַנע אַמאָליקע באַוועגונגען. וואָרעם: מעטער- הער מעטער--הין. ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן פּונקט, ווי דעמלט אין סאָד. נאַרישער מינקין, ס'איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ נאַרישקײַט, וואָס ער האָט אים געבעטן קויפֿן אײַזקרעם.

ס'איז, דאַכט זיך, דערזעלבער בענקל. זעצט מען זיך.

און אויב איר ווילט וויסן, איז ווײַטער אַ שיינע נאַכט. אַסאַך שיינע נעכט האָט דער פֿרילינג! און אויב איר ווילט וויסן, קאָן איך אָנהויבן די דערציילונג פֿון אָנהויב—ווײַל גיט אַ קוק אַף דער נאַכט—דיזעלבע רייצנדיקע נאַכט, און גיט אַ קוק אַף פֿילינקען—אירע אויגן דורשטן ווײַטער, אירע ליפּן רופֿן ווידער...

נאָר איך וועל ניט אָנהויבן ווײַטער פֿון אָנהויב. וואָרעם מאָניע מינקין וויל ניט זיצן ווי דעמלט. הײַנטיקס מאָל זיצט ער מיט אַ שולדיקן פּאָנים דערפֿאַר, וואָס ער כאַפּט ניט אויף דעם בליק פֿון אירע אויגן.

אָרעמע פֿילינקע. וואָס האָבן זיי צו איר, אָט די פֿרילינגדיקע אָוונטן?...

אינטערעסאַנט. מעטער האָט עפּעס איצטער צו מאָניען? מאָניע גיט אַף אים אַ קוק. באַ אים זײַנען גאָרנישטזאָגנדיקע אויגן. אַ סימען, אַז גאָרגישט.

— סאַראַ וואָילער מענטש, אָט דער מעטער!

פּלוצלונג הויבט זיך מאָניע אויף און ער זאָגט, אַז ער וועט שוין קומען. גלאַט אַזוי. ער דאַרף ערגעץ צוגיין. ער גייט. ער טראַכט. ער טראַכט, פֿאַרוואָס איז ער אַוועק. ווײַל ער האָט זיך געפֿילט שולדיק פֿאַר פֿילינקען, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט ענטפֿערן אַפֿן רוף פֿון אירע ליפּן?

ער דערמאָנט זיך אָן זײַנע לעצטע ווערטער.

— „סאַר אַ וואָילער מענטש אָט דער מעטער!

און אים פֿאַלט אײַן, אַז ער האָט עס געוואָלט צוליב טאָן מעטערן. לאָזן זיי זאַלבאַנאַנד.

און אַז ער קערט זיך אום, גיט ער ערשטנס אַ קוק אַף פּילינקעס אויגן. זעט ער, אַז זיי מאָנען נאָך אַלץ. אַף אירע ליפּן—זיי רופן נאָך אַלץ.

און מעטער זיצט אין זיין פריערדיקער פּאָזע. מעטער פאַרהיט ווי שטענדיק זיינע אַלטע באַוועגונגען. דאַן כאַפּט ער זיך, אַז ניין! ניט דאָס, דאָס האָט ער געוואָלט אויספרווון פּילינקען.

— צוליב וואָס?...

עפּשער גלאַט אַזוי.

מאָניע שטעלט אָן אַ פּאָנים אַן ערנסטן און אַביסל אַ נאַרישן—ווי אַף צו דער־קלערן זיך אין ליבע—

— און פּילינקע שפּיצט זיך שוין אָן צו הערן—

— און מעטער דרייט זיך אַביסל אָפּ—ווי א גאַסט, וואָס איז אַריינגעפאַלן ניט צו דער צייט—אָבער מאָניע דריקט גאָר מעטערן די האַנט.

און מעטערן וועט מען מיט קיין זאַך ניט איבעראַשן.

פּילינקען זאָגט ער גאָרנישט. די אויסגעכאַזורטע ווערטער זיינע טויגן ניט. עפּעס קאָן ער ניט ריידן צו דער נייער מיידעלע, מיט זיינע אַלטע רייד.

אַ נייס אין שטעטל, מאָניע פּילט זיך שוין ווידער נידעריק. ער צעגיסט זיך אין רייד. גלאַט רייד. ער רעדט צו מעטערן, נאָר די רייד—געהערן צו פּילינקען.

אַפן הימל זיינען אָנגעגאַנגען וואָלקנס. און ווען זיי האָבן זיך דערפילט נידעריקער, האָבן זיי זיך אויך צעגאָסן. און דער רעגן קאַפּעט אַף זיי! ס'איז פונדעסטוועגן אַ באַלאַ־נעס צו זיצן אין סאָד אונטער אַ רעגן!

— — — — — — — — — — —

מאָניע איז געקומען אַהיים אַן אויסגענעצטער. לעכאַטכילע האָט ער ניט געקאָנט איינשלאָפן. עפּעס האָבן זיך געפלאָנטערט שטיקלעך כאַלוימעס אין קאָפּ, און איין כאָלעם האָט זיך איינגעגעבן אין דעם צווייטן. אַ צייט פלעגט נעמען בויערן אין קאָפּ אַ שטיקל כאָלעם, אָדער עפּעס אַ וואָרט פון אַ כאָלעם, אַזוי זלידנע איינעסן זיך, ביז ער פלעגט זיך אופכאַפּן, און אופכאַפּנדיק זיך, האָט ער בעשום אויפן ניט געקאָנט כאַפּן זיך, וואָס איז עס געווען.

עס האָט זיך געטומלט אין קאָפּ.

פאַרגעדענקט האָט זיך אים נאָר איין שטיקל כאָלעם:

ער גייט מיט מעטערן און מיט פּילינקען. עפּעס מאָדנע. די לעהאָנע פלאָנטערט זיך צווישן די פיס, און לאָזט ניט גיין. און די שטערן שיטן זיך אין קעשענע.

שטעלן זיי זיך אָפּ.

זאָגט פּילינקע:

— איך בין פאַרליבט.

פרעגט מעטער:

— אין מיר?

פרעגט ער?

— אין מיר?

זאָגט פּילינקע:

— איןביידן!

און אים פאַרפילט אַ שטאַרקער אייפער צו מעטערן. און אַף דעם כאַפּט ער זיך אוף.

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, האָט מען זיך אין דרוקערײַ געכאַפּט, אַז מעטער זעט זיך עפּעס ניט. פֿון דער זײַט האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַוועקגעפֿאָרן ערגעץ ווײַטער. אַ מאָדנע זאַך מיט די שטילע מענטשן. וואָס איז ער עפּעס פּלוצים אַוועקגעפֿאָרן? אַלץ קומט בײַ זיי פֿאָר אומגעריכטערהייט.

נאָר מעטערן האַלט מען ניט לאַנג אַפֿן קאָפּ. עס לוינט בעסער אַ רעד טאָן וועגן אָט דעם מאָניען. ער יאָגט זיך אַלץ נאָך אָט דער נײַיִנקער „נאַקלאַדטשיצע“. נו, איז וועמעס דײַגע איז עס? איז אָבער פֿאַרדראָסיק פֿאַרוואָס מאַכט ער זיך, אָט דער מאָניע, טאַמעוואַטע.

איז אָבער אָטאָ אַ זונטיקדיקע מאַיאָווקע. עס שפּילט אַן אָרקעסטער, און מע לאָזט זיך איבערן פֿרײַען פֿעלד טאַנצן. די ברילִיקעס דרייען זיך און קוקן אָן אַזוי שאַרף די רויטע טיכלעך.

אָט די פֿילינקע, זי טאַנצט די גאַנצע צײַט מיט מאָניען. מאָניע טאַנצט הײַנט אַזוי לײַכט. פֿילינקע, ווי זי וואָלט אים איבערגעגאָסן אַ טייל פֿון איר יונגקײַט!

וואָרעם אַסאַך זײַנען שוין צוגעגאַנגען צו מאָניען און געזאָגט אים:

— איר זעט עפּעס הײַנט אויס יינגער!

איצט נאָכן טאַנצן איז גוט אָפּצורוען. אָט די פֿרויען זײַנען אַוועק צוגרייטן דעם עסן. פֿילינקע איז אויך אַוועק. מאָניע פֿילט, אַז זי פֿעלט אים, אָט די טײַערע מײַדל!

מאָניע דו בענקסט? פֿאַרוואָס?

און אַז זי קערט זיך אום—זעט ער, אַז אַ רויִקע אָנגענעמקײַט גלעט זײַן האַרצן. דערוויסט ער זיך, אַז נאָך איר האָט ער געבענקט.

---

עפּשער איז עס אַ קלייניקײַט. און עפּשער ניט. אַ דערפֿינדונג אָבער איז עס. ער האָט דערפֿונדן אַן אויסבעסערונג צו דער מאַשין, וואָס, שנײַדנדיק די בלאָקנאָטן, וועט זי דורכשטעכן גלײַכצײַטיק די אָפּרײַס־לעכלעך. און דאָס גיט, קאָן מען זאָגן, אַסאַך עקאָנאָמיע. אָבער קיין פֿײַערלעכן אָוונט דאַרף מען שוין ניט מאַכן. מיר האָבן אָנגעצונדן אַ שטענדיקן פֿײַער, און מיר האָבן אים ניט וואָס צו ציִנדן אַלע ווײַלע.

עפּשער פֿאַרדריסט עס מאָניע מינקיִנען? ניין. אַ האָר ניט. אָט שטעלט זיך פֿאָר וועגן וואָס טראַכט איצטער מאָניע. ער קלײַבט איצט צו ווערטער, נײַע ווערטער, וואָס ער וויל זאָגן פֿילינקען. אָט גאָר, ווי אַ יינגל.

ער וויל איר זאָגן, אַז זי איז געקומען, ווי אַ פֿרישער וואָרעמער ווינטל, וואָס מע פֿילט ניט פֿון וועלכער זײַט ער קומט. מע ווייס נאָר ער קומט און פֿרישט אָפּ.

מאי־יון 1929.

א. ב.

# אין אופּשטײַג.

(וועגן 10-טן פּלענום פון קאָמינטערן-אויספּירקאָם).

## פונם 6־טן קאָנגרעס ביזן צענטן פּלענום.

דער צענטער פּלענום פון קאָמינטערן-אויספּירקאָם איז פאָרגעקומען אומגעפער אין אַ יאָר אַרום נאָכדעם, ווי דער 6-טער קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט אָנגעצייכנט די הויפּט-ליניעס פאַר דער אַרבעט פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין גאָר דער וועלט אַפן נאָענטסטן פּעריאָד. דער זעקסטער קאָנגרעס האָט קוידעמקאָל געגעבן דעם אַנאַליז פון דעמדאָזיקן פּעריאָד, פעסטשטעלנדיק, אַז דער נאָענטסטער אָפּשניט-צײַט ווערט כאַראַקטעריזירט ווי דער **דריטער** פּעריאָד פונם קאַפּיטאַליזם פון נאָך דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. דערדאָזיקער „דריטער פּעריאָד" איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס די עקאָנאָמיק פון דעם קאַפּיטאַליזם איז אַריבערגעשטיגן דעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ און וואָס אין דערזעלבער צײַט האָט אויך אַריבערגעשטיגן דעמדאָזיקן ניוואָ די עקאָנאָמיק פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד; גלײַכצײַטיק איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעמדאָזיקן פּעריאָד די העכסטע פאַרשאַרפונג פון אַלע ווידערשפּרוכן פונם נאָכמילכאָמעדיקן קאַפּיטאַליזם. פעסטשטעלנדיק דעם טאָך פון דעמדאָזיקן פּעריאָד, קומט די פּראָגראַם פונם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צום אויספיר, אַז **„די דערפאַרונג פון דער גאַנצער נאָכמילכאָמעדיקער טקופע באַווײַזט, אַז די סטאַביליזאַציע פונם קאַפּיטאַליזם, וועלכע איז דערגרייכט געוואָרן דורך אָפּרעכענען זיך מיטן אַרבעטער-קלאַס און דורך דעם סיסטעמאַטישן דרוק אַף זײַן לעבן-ניוואָ, קאָן ניט ניט זײַן קײַן טייל-ווײַזע, צײַטווײַליקע און פוילע".** דאָס איז איינער פון די וויכטיקסטע גרונט-געדאַנקען אין דער טעאָרעטישער באַגרינדונג פונם דריטן פּעריאָד. אַפן גרונט פון אַזאַ אַנאַליז האָט דער זעקסטער קאָנגרעס פעסטגעשטעלט, אַז **„אָט דער פּעריאָד, וואָס האָט באַזונדערס שטאַרק פאַרשאַרפט די ווידערשפּרוכן צווישן דעם וווּקס פון די פּראָדוציר-קרעפטן און די פאַרשמעלערטע מערק, מאַכט אומפאַרמײַדלעך אַ נײַע טקופע פון אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס: צווישן די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, זייערע מילכאָמעס קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, נאַציאָנאַלע באַפרײַונג-מילכאָמעס קעגן דעם אימפּעריאַליזם און אינטערווענציעס פון די אימפּעריאַליסטן, פון גיגאַנטישע קלאַסן-שלאַכטן".**

דער זעקסטער קאָנגרעס איז, אַף אַזאַ אויפן, דורכגעגאַנגען אונטערן צייכן פון צוגרייטן דעם גאַנצן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו די קומענדיקע קלאַסן-שלאַכטן. דער צענטער פּלענום, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אַף אַ יאָריקער דיסטאַנץ פון דעם זעקסטן

קאָנגרעס, האָט געקענט אַפֿן גרונט פֿון אַ יאָריקער דערפֿאַרונג פֿעסטשטעלן די ריכטיקייט פֿון די קאָנגרעס-רעזאָלוציעס, סומירן די קאָנקרעטע דערפֿאַרונג און אָנמערקן די ווייטערדיקע אויפֿגאַבן.

## אָנוווּקס פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

דער צענטער פּלענום האָט געהאַט פֿאַר זיך אַ פֿאַנאַנדערגעוויקלטן בילד פֿון קלאַסן-שלאַכטן, וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט פֿאַר דער לעצטער צייט אין אַ גאַנצער ריי אייראָפּעישע און קאָלאָניאַלע לענדער. פֿאַר דעם פֿאַרלאָפֿענעם יאָר זיינען פֿאָרגעקומען אַ ריי וויכטיקע קלאַסן-שלאַכטן אין דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, פּוילן, און אין אַ ריי קאָלאָניאַלע לענדער—באַזונדערס אין אינדיע, אַפֿן גרונט פֿון עקאָנאָמישע פֿאָדערונגען, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס האָט אַרויסגעשטעלט. דער פּלענום האָט אויך געהאַט פֿאַר זיך דאָס בילד פֿון די ערשטער מאַי-געשעענישן דעם יאָר, באַזונדערס די גראַנדיעזע געשעענישן אין בערלין, די באַריקאַדן אין נײַ-קעלן און וועדינג,—געשעענישן, בײַם וועלכע דער בערלינער פּראָלעטאַריאַט האָט סטיכעיש גענומען בויען באַריקאַדן א. א. וו. די דאָזיקע געשעענישן זיינען אַן אומבאַדינגטער באַווייז פֿון דער אָנשטייגנדיקער כוואַליע פֿון פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסן-קאַמף, פֿון אַ נײַער גרויסער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פֿון אַ גרויסער אויפֿמונטערונג אינם פּראָלעטאַריאַט. דער צענטער פּלענום האָט בײַם אַנאַליזירן די פּאָליטישע לאַגע באַשטעטיקט די פֿאָרמולירונג פֿון דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי, אַז „די מאַי-טעג אין בערלין זיינען אַ קער-פּונקט אין דעם קלאַסן-קאַמף פֿון דייטשלאַנד און פֿאַרגיכערן דעם טעמפּ פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטייג פֿון דער דייטשישער אַרבעטער-באַוועגונג”, אַז אין די דאָזיקע געשעענישן האָט זיך אַנטפּלעקט „די קראַפֿט פֿון דער ווירקונג פֿון דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי”. דער פּלענום האָט אָפּגעצייכנט די ריי שטרייקן, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין פֿיל לענדער—מיזרעוו-אוקראַינע, פּוילן, גריכנלאַנד, רומעניע, דאָרעם-סלאַוויע, טשעכאָסלאָוואַקיע, פֿראַנקרייך, האָלאַנד און אַנדערע—שטרייקן פֿון סאָלידאַריטעט און פּראָטעסט קעגן דער רעאַקציע, שטרייקן, אין וועלכע עס זיינען אַרײַנגעצויגן געוואָרן באַטראַקעס און פּויערים. די דאָזיקע געשעענישן באַווייזן בולעט, אַז די עקאָנאָמישע שלאַכטן גייען אומעטום אַריבער אין פּאָליטישע און אַז זיי „שטעלן פֿאַר דער קאָמפּאַרטיי די פּראָבלעם פֿון פּאָליטישע מאַסן-שטרייקן, ווי אַ באַשלּיסנדיקע פּראָבלעם פֿאַר דעם נאָענטסטן פּעריאָד”.

די דאָזיקע לאַגע האָט באַשטעטיקט די ריכטיקייט פֿון די לאָזונגען, וואָס דער זעקסטער קאָנגרעס האָט געגעבן. מיט דער קראַפֿט פֿון פֿאַקטן האָט דער צענטער פּלענום געשלאָגן איבער די רעכטע אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן אינם קאָמינטערן, וואָס פֿאַרטושירן די רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. דער פּלענום האָט נאָך מיט מער קראַפֿט דעריבער אָפּגעוואָרפֿן אַלע פּרוּוון פֿון די רעכטע און פֿון די טאָלעראַנטע צו זיי עלעמענטן, וואָס האָבן זיך גע-פּרוּווט באַשאַפֿן נײַע „טעאָריעס” וועגן דער פֿאַרטעמפּונג פֿון די אינערלעכע ווידערשפּרוכן, וואָס צעפֿרעסן די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם. די רעזאָלוציע פֿון 10-טן פּלענום וועגן דעם כאַוועד בוכאַרין זאָגט דייטלעך: „אין קעגנזאַץ פֿון דער ליניע פֿון קאָמינטערן און ביפֿראַט אין קעגנזאַץ די באַשטימונגען פֿון 6-טן קאָנגרעס קייקלט זיך דער כ׳ בוכאַרין אַראָפּ צום אָפּאָרטוניסטישן פֿאַרלייקענען דעם פֿאַקט פֿון דער אַלץ גרעסערער צעטרייסלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע, וואָס עס פֿירט אומפֿאַרמײַדלעך צו פֿאַרלייקענען דעם אָנוווּקס פֿון אַ נײַעם אויפֿשטייג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג (אונטערגעשטראָכן—א. ב)”. „אין גרונט פֿון דערדאָזיקער פּאָזיציע פֿון כ׳ בוכאַרין—זאָגט ווייטער די אָנגערופֿענע רעזאָלוציע—ליגט זײַן אַנטי-מאַרקסיסטישע „טעאָריע” וועגן דער פֿאַרטעמפּונג פֿון די אינערלעכע ווידערשפּרוכן פֿון דעם קאַפּיטאַליזם, וואָס ווערט דורך אים דורכגעשלעפּט אונטער

פֿראַזן װעגן דער פֿאַרהיטונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנאַרכיע אויסשליסלעך אַף דעם װעלט-מאַרק. אַזאַ מין „טעאָריע“, װאָס דינט אַלס אידעישע באַזע פֿאַר אַלע רעכטע עלעמענטן אין קאָמינטערן, װערט אָפּגעװאָרפֿן דורך דער גאַנצער אַנטװיקלונג פֿונם קאַפּיטאַליזם און שטעלט פֿאַקטיש פֿאָר מיט זיך קאַפּיטולאַציע פֿאַר דער רעפֿאָרמיסטישער אידעאָלאָגיע (די הילפֿערדינגישע טעאָריע װעגן „געזונט-מאַכונג פֿונם קאַפּיטאַליזם“).

## קעגן די רעכטע און די טאָלעראַנטע צו זײ עלעמענטן.

דער 10-טער פּלענום האָט, אין די פֿראַגן, װאָס זײַנען שאַיעך צום אַנאַליז פֿון דער סיטואַציע, נאָכאַמאָל מיט דער גאַנצער קראַפֿט געדאַרפֿט װענדן דעם געװער פֿון אידעישן און אויך אָרגאַניזאַציאָנעלן קאַמף קעגן די אָפּאָרטוניסטן, קעגן די רעכטע ליקװידאַטאָרן, אָפֿענע און באַהאַלטענע, און קעגן די טאָלעראַנטע צו זײ עלעמענטן. דער פּלענום האָט דעריבער פֿאָרמולירט זײַן באַציִונג צו די טאָלעראַנטלער אין די פֿאָלגנדיקע פֿאָדערונגען: א) זײ דאַרפֿן אָפֿן און אַנטשיידן זיך אָפּגרענעצן פֿון די רעכטע אָפּנויגער; ב) זײ דאַרפֿן פֿירן אַן אַקטיװן קאַמף ניט מיט װערטער, נאָר מיט מעשׂים קעגן דעם רעכטן אָפּנויג; ג) זײ דאַרפֿן אומבאַדינגט זיך אונטערװאַרפֿן אַלע באַשטימונגען פֿון קאָמינטערן און פֿון זײַנע סעקציעס און אַקטיװ דורכפֿירן עס אין לעבן. דער 10-טער פּלענום האָט דערצו צוגעגעבן: „דאָס ניטאויספֿילן אײנעם פֿון די דאָזיקע באַדינגונגען שטעלט אַװעק יעדערן, װאָס ברעכט זײ, אויסער די רײען פֿון קאָמינטערן“.

## עס שטאַרקט זיך די פֿעסטונג פֿונם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט— פֿ. ס. ס. ר.

גלײַכצײַטיק מיט דעם, װאָס אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב װערט אַלץ העכער די כװאַליע פֿון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג, האָט דער פּלענום געקענט פֿאַרצײכענען קאָלאָסאַלע דערפֿאָלגן אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע פֿונם סאָװעטנפֿאַרבאַנד, פּאַראַלעל מיט דער צוטרײסלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע. דער פּלענום האָט געקענט, אַף אַזאַ אויפֿן, פֿאַרצײכענען גראַנדיעזע רעװאָלוציאָנערע שריט פֿאָרויס מיצאַד זײַן מאַכנע אינם סאָװעטנפֿאַרבאַנד. דער כ׳ מאָלאָטאָװ האָט אין זײַן רעדע אָפֿן פּלענום געבראַכט אַ גאַנצע רײ בוילעטע פֿאַקטן, װאָס באַװײַזן, אַז דער 5-יאָריקער „פּלאַן פֿון גרויסע אַרבעטן“, און דאַװקע זײַן אָפּטימאַלער װאַריאַנט, האָט זיך ניט נאָר אַרויסגעװיזן פֿאַר רעאַל, איז ניט נאָר ניט דורכגעפֿאַלן, װי עס האָבן געטראַכט די אומגלויבער און קאַפּיטוליאַנטן פֿון רעכטס, נאָר אַז פֿאַרקערט—די װירקלעכקײַט האָט שוין אין אַ גאַנצער רײ אינדוסטריע-צװײַגן אַריבערגעיאָגט די אָנגעמערקטע ציפֿערן, אַז אַדאַנק די נײַסטע דערגרײכונגען װערן שוין איצט איבערגעקוקט די קאָנטראָל-ציפֿערן אַף אַזאַ אויפֿן, אַז די טעמפּן זאָלן נאָך העכער װערן, װי עס איז פּראָעקטירט אין דעם 5-יאָריקן פּלאַן. דער כ׳ מאָלאָטאָװ האָט געגעבן ציפֿערן װעגן דעם באַזונדערס שטורמישן װוקס פֿון די קאָלװירטן און סאָװעטישע װירטשאַפֿטן פֿאַר דער לעצטער צײַט און בכלל פֿון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע אין דאָרף, װאָס האָט אָנגענומען אַזעלכע קאָלאָסאַלע מאַסשטאַבן פֿאַר דער לעצטער צײַט. דאָס באַװײַזט, די אומויסשעפּלעכקײַט פֿון די פּאָטענציעלע קרעפֿטן, װאָס זײַנען פֿאַרבאָרגן אין די טיפֿעניש פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן אינם סאָװעטן-פֿאַרבאַנד. פֿון דער צװײטער זײַט, האָט דער פּלענום געדאַרפֿט קאָנסטאַטירן די אַלץ װאַקסנדיקע געפֿאַר פֿון מלחמה, פֿון אָנגריף מצד די אימפּעריאַליסטישע לענדער אַף דער פֿעסטונג פֿונם אַלװעלטלעכן פּראָלעטאַריאַט. דער 10-טער פּלענום האָט דעריבער אין זײַנע טעזיסן באַשטימט: „אינם קאַמף קעגן דער דראָונג פֿון מלחמה-געפֿאַר, קעגן דעם

אָנגריף פֿון די אונטערנעמער און קעגן דער רעכילעס-קאַמפּאַניע פֿון די רעפֿאָרמיסטן דאַרפֿן אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען פֿירן אַ ברייטע קאַמפּאַניע צו אױפֿקלערן די קאָלאָסאַלע דער-גרייכונגען פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג אינם סאָװעטנפֿאַרבאַנד (דער 5-יאָריקער פּלאַן)". דאָס דאַרף מאָביליזירן די אַרבעטער-מאַסן פֿונם קאַפּיטאַליסטישן אויסלאַנד אַרום דעם סאָװעטן-פֿאַרבאַנד, קעדיי אַרונטערצורײַסן די אימפּעריאַליסטישע פּלענער פֿון מילכאָמע און אינטערװענץ.

די עקזיסטענץ און פֿאַנאַנדערבליִונג פֿונם סאָװעטנפֿאַרבאַנד איז דאָ רעליעפֿער ווי ווען עס איז צונויפֿגעבונדן געוואָרן מיטן גוירל פֿונם קאַמף, וואָס ווערט געפֿירט דורכן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פֿון גאָר דער וועלט.

## קעגן פּאַציפֿיסטישע אילוזיעס.

ווי שוין געזאָגט, האָט דער פּלענום איבער דער גאַנצער ליניע געפֿירט דעם קאַמף קעגן די אָפּאָרטוניסטן, וואָס פֿאַרשמירן דעם ווידערשפּרוך אינם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם און פּרוּוון זיך שלעפּן די פּאַרטיי צוריק, אָפּטרעטנדיק פֿאַר די שוועריקייטן פֿון קאַמף.

די פֿאָרטרעגער און רעדנער אויפֿן צענטן פּלענום האָבן פֿאַרצייכנט, אַז די אַלע פֿאַקטן אין דער צווישנפֿעלקערלעכער לאַגע, וואָס ווערט דורך די פֿאַרשיידענע פּאַציפֿיסטן אויפֿגעקלערט, ווי סימאָנים פֿון „פֿרידלעכער" קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג—די מאַקדאָ-נאַלדישע רעגירונג, דער קעלאָג-פּאַקט, דער פּאַריזשער רעפּאַראַציע-אָפּמאַך—אַז דאָס אַלץ, איז נישט מער ווי אַ שירמע, הינטער וועלכער עס ווערט דורך די אימפּעריאַליסטישע מע-לוכעס פֿאָרגעזעצט די ווײַטערדיקע מיליטערישע צוגרייטונג און וועלכע דינט די פּאַציפֿיסטן צו פֿאַרשטאַרקן די אילוזיעס וועגן דער פֿרידן-פּאָליטיק פֿונם קאַפּיטאַליזם און צו פֿאַרדעקן די פֿאַקטישע לאַגע. דער צענטער פּלענום האָט נאָכאַמאָל באַשטעטיקט די פֿ אַ ר ש אַ ר-פֿ ו נ ג פֿון די ווידערשפּרוכן צווישן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און האָט אָפּגעוואָרפֿן די מיינונג פֿון דעם כ׳ וואַרגאַ, וועלכער האָט געפּרוּווט דערווײַזן, אַז דער יונג-פּלאַן פֿ אַ ר ו ו ײ כ ע ר ט די ווידערשפּרוכן צווישן די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס און אַז זיי וועלן זיך פֿאַרשאַרפֿן „בלויז אין דער צוקונפֿט". די טעזיסן פֿונם פּלענום זאָגן, אַז דער-דאָזיקער פּלאַן, פֿאַרקערט, „פֿירט צו דער ווײַטערדיקער פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די קאָנפֿליקטן אינם אימפּעריאַליסטישן לאַגער... און צוזאַמען מיט דעם פֿאַרשאַרפֿן זיי די געפֿאַר פֿון אַ פֿינאַנץ-בלאָקאַדע און, הייסט עס, אויך פֿון אַן אינטערווענץ קעגן סאָװעטנפֿאַרבאַנד..." אַף אַזאַ אויפֿן האָט דער פּלענום נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן די באַשטימונגען פֿון דעם 6-טן קאָנגרעס, אַז די הויפּט-געפֿאַר און די סאַמע דירעקטע איז די געפֿאַר פֿון אַ מיל-כאָמע קעגן סאָװעטנפֿאַרבאַנד. די געשעענישן אַף דער כינעזיש-מיזרעכדיקער אײַזנבאַן זײַנען אַ באַשטעטיקונג צו דערדאָזיקער מילכאָמע-געפֿאַר.

אַלזאָ, אונטער דער שירמע פֿון פּאַציפֿיזם פֿון „אַרבעטער"-מעלוכע (ענגלאַנד), פֿון פֿרידלעכע קאָנפֿערענצן ווערט פֿאָרגעזעצט די צוגרייטונג פֿון מילכאָמעס, דער אָנגריף אַף די קאָלאָניאַלע לענדער, די צוגרייטונג פֿון אַ מילכאָמע קעגן סאָװעטנפֿאַרבאַנד.

## קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע—אַפֿן כעשבן פֿונם אַרבעטער-קלאַס.

גלײַכצײַטיק וואַקסן די ווידערשפּרוכן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער גופֿע. די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע ווערט דורכגעפֿירט אַפֿן כעשבן פֿון דעם אַרבעטער-קלאַס. דער כ׳ קוּוסינען האָט אין זײַן פֿאָרטראָג אונטערגעשטראָכן, אַז די גרויסע טעכני-שע דערגרייכונגען, וואָס זײַנען פֿאַראַן אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, זײַנען אָבער ניט פֿאַרבונדן מיט קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע, אַז זייער טאָך באַשטייט ניט אין טעכנישער פּראָגרעסיוקײַט, נאָר אין דער רעאָרגאַניזאַציע פֿון דעם אַרבעט-פּראָצעס מיטן

ציל צו אינטענסיפֿיצירן די אַרבעט און פֿאַרגרעסערן די עקספּלואַטאַציע פֿון די אַרבעטער. אין דעם איז דער טאָך פֿון דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע. אין דעמזעלבן פֿאָרטראַג איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע, אין הייפעך צו דער ראַציאָנאַליזאַציע אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווערט ניט קאָמפּענסירט מיט פֿאַרקירצן דעם אַרבעט-טאָג, ניט מיט פֿאַרגרעסערן דעם אַרבעט-לוין, ניט מיט זאָרגן וועגן דער אַרבעט-קראַפֿט און פֿאַרהיטן זי פֿון פֿולער אויסשעפּונג, אַז די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע, פֿאַרקערט, גייט צוזאַמען מיט דער פֿאַרלענגערונג פֿון דעם אַרבעט-טאָג און מיט דער אַלגעמיינער פֿאַרערגערונג פֿון די אַרבעט-באַדינגונגען. קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע דאַרף דעריבער געפֿירט ווערן אַ העפֿטיקער קאַמף.

דעריבער האָט דער צענטער פּלענום, באַהאַנדלענדיק גלייכצייטיק די פֿראַגע וועגן דעם לעבן-ניוואָ פֿון די אַרבעטער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, פֿאַרורטיילט די אָפּאָרטוניסטישע באַהויפּטונג פֿון דעם כ׳ וואַרגאַ, וועלכער האָט אויפֿן פּלענום פֿאָרגעלייגט זיך אָפּזאָגן פֿון דער פֿאָרמול, אַז עס איז נידעריקער געוואָרן דער לעבן-ניוואָ פֿון אַרבעטער-קלאַס.

## זיך שטעלן אין דער שפּיץ פֿון די מאַסן, דעראָבערן די פּראָפֿאַריינען!

פֿעסטשטעלנדיק דעם אויפֿשטייג פֿון קלאַסן-קאַמף, קאָנסטאַטירנדיק די וויכטיקייט פֿון דער פּראָפֿבאַוועגונג אין דעם איצטיקן מאָמענט, אין די „נייע באַדינגונגען פֿון דעם עקאָנאָמישן קאַמף פֿון פּראָלעטאַריאַט", ווען „עס באַקומט אַלץ אַ מער אויסגעשפּראָכענעם פּאָליטישן כאַראַקטער" דערדאָזיקער קאַמף, האָט דער צענטער פּלענום געקענט אָנצייכענען די פֿאָלגנדיקע הויפּט-שטריכן אין דעם נייעם אויפֿשטייג פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג. אָט זיינען זיי:

„1. דער איבערגאַנג פֿון קליינע טיילווייזע שלאַכטן צו מער גרעסערע, צו מער מאַסאָווע.

2. אַן אַלץ אָפֿטערן איבערגאַנג פֿון די אַרבעטער-מאַסן אין קאָנטער-אָנגריף.

3. די אַלץ אָנוואַקסנדיקע אַקטיווקייט פֿון די ניטאָרגאַניזירטע מאַסן.

4. דער דורכבריס אין דער פּראָפֿאַריינישער לעגאַלקייט.

5. די אַלץ גרעסערע פּאָליטיזירונג און רעוואָלוציאָניזירונג פֿון די שטרייק-שלאַכטן.

6. די צווישנפֿעלקערלעכקייט פֿון דער באַוועגונג; דאָס אַרומכאַפּן די קאָלאָניאַלע לענדער און ענגלאַנד, וועלכע איז ביז דער לעצטער צייט אָפּגעשטאַנען".

דער 10-טער פּלענום האָט באַצייכנט, אַז די רעפֿאָרמיסטישע פּראָפֿאַריינען געפֿינען זיך אין פּראָצעס פֿון פֿאַשיזאַציע; אַז עס וואַקסט זיך צונויף די פּראָפֿאַריינישע אָנפֿירונג מיט די פֿאַרשיידענע אונטערנעמערישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען באַרופֿן צו ארונטערדריקן די אָרגאַניזאַציע פֿונם פּראָלעטאַריאַט; אַז זיי פֿאַרוואַנדלען זיך פֿאַקטיש אין שטרייקברעכערישע אָרגאַניזאַציעס. די נייע עקאָנאָמישע פּראָגראַם פֿון דעם אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל איז פֿאַקטיש אַ קאַפּיטאַליסטישע פּראָגראַם, ווייל זי פֿאָדערט „צוזאַמענאַרבעט פֿון די פּראָפֿאַריינען אין זין פֿון צוגרייטן און דורכפֿירן די מאָסמיטלען פֿון ראַציאָנאַליזאַציע" אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אָט דער פּראָצעס פֿון פֿאַשיזאַציע ברענגט, פּאַראַלעל מיטן וווּקס פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג, צו פֿאַרשאַרפֿן דעם קריזיס אין דער רעפֿאָרמיסטישער פּראָפֿבאַוועגונג. די אויפֿגאַבן פֿון אונדזער טאַקטיק דאַרפֿן דעריבער זיין: דעראָבערן די אָנפֿירונג מיט דער שטרייק-באַוועגונג, דורכרייסן דעם פּראָפֿאַריינישן לעגאַליזם, בילדן קאַמף-קאָמיטעטן, אויסגעוויילטע דורך די אַרבעטער-מאַסן, און מאָביליזירן די ניטאָרגאַניזירטע מאַסן. דער 10-טער פּלענום האָט נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן דעם כויוו פֿון די

קאָמוניסטן צו אַרבעטן דאָרטן, ווו עס זײַנען דאָ די מאַסן—און די רעפאָרמיסטישע פּראָפּאַריינען האָבן נאָך גרויסע מאַסן, ניט געקוקט אַף דעם קריזיס, וואָס זיי לעבן דורך. די טעזיסן וועגן עקאָנאָמישן קאַמף זאָגן דעריבער: „דער איצטיקער פעריאָד שטעלט פאַרן קאָמינטערן ניט די פּאָליטיק פון אָוועקגיין פון די רעפאָרמיסטישע פּראָפּאַריינען אָדער פון קינסטלעך באַשאַפן נײַע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַריינען, נאָר דעם קאַמף פאַר דעראָבערן די מערהײַט אין דעם אַרבעטער-קלאַס,—ווי אין די רעפאָרמיסטישע פּראָפּאַריינען, אזוי אין די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שפּאַרן זיך אָן אַף מער ברייטערע מאַסן”. דער פּלענום האָט אויך אָנגעוויזן בא וועלכע באַדינגונגען עס דאַרפן יע געשאַפן ווערן נײַע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַריינען. נאָר אַזאַ מין דעראָבערונג פון די מאַסן הייסט ניט דעראָבערן דעם פּראָפּאַריינישן אַפּאַראַט. עס וואָלט געווען אַן אילוזיע צו טראַכטן, אַז מען קען דאָס איצט דערגרייכן. אָבער דער קאַמף צו אַרויסטרײַבן פון די פּראָפּאַריינען אַלע ביוראָקראַטן און קאַפּיטאַליסטישע אַגענטן דאַרף געפירט ווערן מיט דער פולער קראַפט. איינע פון די וויכטיקסטע מיטלען צו דעראָבערן די מאַסן פון די רעפאָרמיסטישע פּראָפּאַריינען איז—אַריינציען אין די רעפאָרמיסטישע פּראָפּאַריינען נײַע אַרבעטער און אַרבעטערנס פון די ניטאָרגאַניזירטע „אַף דער באַזע פון דער פּלאַטפאָרם פון דער רעוואָלוציאָנערער אָפּאָזיציע”.

אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף דאַרפן די קאָמוניסטן דעראָבערן די אָנפירונג, קעדיי צוקלאַפּן די סאָציאַל-פאַשיסטישע פּראָפעסיאָנעלע ביוראָקראַטיע, קעדיי באַקומען די ווירקונג אַף דער מערהײַט פונם אַרבעטער-קלאַס און אָנווענדן זייער קאַמף אַפן וועג פון פּאָליטישער אַרויסטרעטונג, פון קאַמף פאַר פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

## די לעצטע רעזערוון.

די לעצטע רעזערוון פונם קאַפּיטאַליזם זײַנען די ס. ד. פּאַרטייען. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט איצט צוויי אָטריאַדן זײַנע, וואָס שטייען בא דער מאַכט אין קאַפּיטאַליסטישער לענדער—אין ענגלאַנד און דײַטשלאַנד. מאַקדאָנאַלדס קומען צו דער מאַכט, דער בעקאָוועדיקער אָרט, וואָס די ס. ד. פאַרנעמען אין דער דײַטשער רעגירונג,—דאָס איז אַ באַווײַז דערפון, אַז די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען האָבן באַם איצטיקן מאָמענט שוין אויסגעשעפּט אַלע מיטלען פון קאַמף מיט די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און אַז אין זייער שטרעבן פאַרגלעטן די אייגענע ווידערשפּרוכן מוזן זיי אָנקומען צום לעצטן מיטל—אַוועקשטעלן באַ דער מאַכט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, קעדיי דורך איר אין אַ מאַסקירטער פאָרם פאָרזעצן ווײַטער די עקספּלואַטאַציע און די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק. דאָס באַווײַזט, פון איין זײַט, אַף דער צעפוילטקײַט פונם קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די אייגענע ווידערשפּרוכן, און, פון דער צווייטער זײַט, שטרייכט עס אונטער די ראָל פון דעם II-טן אינטערנאַציאָנאַל אינם איצטיקן מאָמענט: די ראָל פון אַ דירעקטן דינער פונם צווישנפעלקערלעכן אימפּעריאַליזם. דער קאַמף קעגן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע „האָט אַ באַזונדער באַדײַטונג, אַף וויפל די ס. ד. ווערט אַלץ מער איבערגעבוירן אין סאָציאַל-פאַשיזם”—האָט דער כ׳ מאָלאָטאָוו געזאָגט אין זײַן אַרויסטרעטונג אַפן פּלענום. דערפון איז דער פּלענום אַרויסגעגאַנגען, באַטראַכטנדיק די מעטאָדן פון קאַמף מיט דער ס. ד. די קאָמוניסטן דאַרפן אומעטום אָנווײַזן, אַז די ס. ד. פאַרוואַנדלט זיך אין אַ סאָציאַל-פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע דאַרף דינען אַלס מאַסן-באַזע קעגן דעם אַרבעטער קלאַס אין זײַן קאַמף, אַז די ס. ד. ווערט אַ מיטל צו פּאַראַליזירן דעם מאַסן-קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט. די ס. ד. וואַקסט זיך אַלץ מער צונויף מיטן צווישנפעלקערלעכן אימפּעריאַליזם און ווערט זײַן אָפענער מיטאַרבעטער. דער פּלענום האָט אָנגעוויזן, אַז דער איצטיקער צושטאַנד פון דער ס. ד. שטעלט זי אַפן ראַנד פון אָפּגרונט, ווײַל גראָד די טעטיקײַט פון די מאַקדאָנאַלד׳ס, וועלס, צערגיבעלס אין דער ראָל פון רעגירונג-לײַט, דינט אַלס לעקציע פאַר די

סאָציאַל-דעמאָקראַטישע מאַסן, דעמאַסקירט דעם II-טן אינטערנאַציאָנאַל און באַווייַזט פאַר דער גאַנצער וועלט דעם באַנקראָט פון דער ס. ד. „דער פלענום פון קאָמינטערן קאָנסטאַטירט—לייענען מיר אין די רעזאָלוציעס,—אַז די איצטיקע אויסבילדונג פון רעגירונגען מיצאַד די גרעסטע פאַרטייען פון II-טן אינטערנאַציאָנאַל אין דער אומגעבונג פון דער זיך אָנרוקנדיקער מילכאָמע און פון די זיך פאַרגרעסערנדיקע ליידן פונם אַרבעטער-קלאַס, שאַפט באַדינגונגען פאַר דעם טיפסטן קריזיס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין די פראָלעטאַרישע מאַסן.

דערדאָזיקער קריזיס באַקומט זיין אויסדרוק אין דער פאַרגיכערונג פון דעם פראָצעס פון ראַדיקאַליזירן די ברייטע אַרבעטער-מאַסן. ער פירט אומפאַרמיידלעך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צו דעם, אַז זי זאָל פאַרלירן איר ווירקונג אַף די ברייטע אַרבעטער-מאַסן און דערמיט אַליין באַשאַפט זי גינסטיקע באַדינגונגען, אַז די קאָמפאַרטייען זאָלן דעראָבערן די מערהייט פונם אַרבעטער-קלאַס". דערפון דרינגט דער אויספיר:

„דער פלענום פון קאָמינטערן פאַרפליכטעט אַלע זיינע סעקציעס פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דער צווישנפעלקערלעכער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכע איז די וויכטיקסטע שטיצע פונם קאַפּיטאַליזם".

באַזונדערס דאַרף דער קאַמף געווענדט ווערן קעגן דעם „לינקן" פליגל פון דער ס. ד. דידאָזיקע „לינקע", וועלכע מאָלן זיך קלוימערשט ווי אָפּאָזיציאָנערן אין דער ס. ד., דינען פאַקטיש אַלס קראַפט, וואָס לאָזט ניט די מאַסן זיך אויסניכטערן פונם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן טשאַד. די „לינקע" שפּילן, אַף אַזאַ אויפן, די ראָל פון פאַרטעמפּן און טאָרמאָזירן די עכטע רעוואָלוציאָנער-אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען אין די מאַסן. פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז איצט ווי געוווּנטשן די עקזיסטענץ פון אַזעלכע „לינקע" פליגלען. דעריבער איז דער קאָמינטערן איצט באַזונדערס פאַרינטערעסירט צו צעקלאַפּן די „לינקע" ס. ד., אויפדעקן זייער פּאָנים פאַר די מאַסן. „דער פלענום פון אויספירקאָם—זאָגט די רעזאָלוציע—לייגט פאַר לייגן באַזונדערס אַכט אַף פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דעם „לינקן" פליגל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכער פאַרהאַלט דעם פּראָצעס פון צעפאַלונג אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דורך זייער אילוזיעס וועגן דער אָפּאָזיציאָנעלקייט פון דעמאָזיקן פליגל צו דער פּאָליטיק פון די אָנפירנדיקע ס. ד.-אינסטאַנצן. און וועלכער האָט אונטער אין דער ווירקלעכקייט די פּאָליטיק פון סאָציאַל-פאַשיזם.

## די באַדייטונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן אַנטיאימפּעריאַליסטישן טאָג.

אין טאָג-אָרדענונג פון דעם 10-טן פלענום איז געשטאַנען אַלס באַזונדער פּונקט די פּראַגע וועגן צווישנפעלקערלעכן טאָג קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. ס'איז באַוווּסט ווי אַזוי די צווישנפעלקערלעכע בורזשואַזיע, די סאָציאַל-פאַשיסטן און רענעגאַטן פון קאָמוניזם—די טראָצקיסטן און רעכטע—האָבן אַנטוויקלט דעם קאַמף קעגן דעם צווישנפעלקערלעכן אַנטיאימפּעריאַליסטישן טאָג. וועגן דעמדאָזיקן טאָג זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן פאַרשיידענע דעמאַגאָגישע ווערסיעס. עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז די קאָמוניסטן וועלן זיך אין דעם טאָג פּרוּוון אָרגאַניזירן אַוואַנטיורעס, „פּוטשן", אופשטאַנדן א. א. וו. אין דעם זין זיינען די טראָצקיסטן און די בראַנדלעריסטן ווייַט ניט אָפּגעשטאַנען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דידאָזיקע דעמאַגאָגישע אַרויסטרעטונגען האָבן געזאָלט באַשאַפן אַ קאַריקאַטוריש בילד פון די עמעסע לאָזונגען פון קאָמינטערן, וועלכער האָלט טאַקע אינדערעמעסן אַ קורס אַף באַוואָפנטע אופשטאַנדן, אָבער נאָר אין די באַדינגונגען פון דירעקטער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע. איצט איז אַזאַ סיטואַציע נאָך ניטאָ. דעריבער האָט דער קאָמינטערן געהאַט די אויפגאַבע צוצוגעבן דעם טאָג פון דעם 1-טן אַווגוסט—דעם טאָג פון קאַמף קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, און פאַרטיי-

דיקן דעם סאָוועטנפאַרבאַנר—דורכפירנדיק אים ווי אַ טאָג פון „שלאַכט-איבערקוק פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע קרעפטן". די אַרויסטרעטונגען אין דעמדאָזיקן טאָג האָבן געדאַרפט טראָגן אַ בוילעט-פּאָליטישן כאַראַקטער. אין דעם טאָג האָט געזאָלט אויסגעפרווט ווערן די אַרבעט און קאַמף-פעיקייט פון די קאָמפּאַרטייען. די צוגרייטונג צו דעם 1-טן אַווגוסט, וועלכע האָט אַנטפּלעקט אַ ריי פּאָזיטיווע מאָמענטן און פעלערן אין באַזונדערע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, האָט מיטגעהאָלפן דעם 10-טן פּלענום צו אויפדעקן די שוואַכקייטן און אָפּנויגונגען פון דער גענעראַל-ליניע, וואָס זיינען פאַראַן אין באַזונדערע סעקציעס.

דעם ערשטן אַווגוסט איז אַף אַזאַ אויפן צוגעגעבן געוואָרן אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג. ווען איין כאַוועך האָט אַפן פּלענום פאָרגעלייגט באַגרענעצן די אויפגאַבן פון דעם ערשטן אַווגוסט, האָט ער באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד פון אַלע דעלעגאַטן. די שפּעטערדיקע געשעענישן אינם טאָג פון ערשטן אַווגוסט האָבן באַשטעטיקט אַף וויפל דער 10-פּלענום האָט ריכטיק אָנגעצייכנט די אויפגאַבן פון דעמדאָזיקן טאָג.

## קאַמף מיטן אָפּאָרטוניזם אין אַל.ק.פּ.(ב).

דער קאַמף אַף רעכטס איז דורכן 10-טן פּלענום פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן אין דער גאַנצער ברייט און איז, ווי געזאָגט, אַוועקגעשטעלט געוואָרן סאַי אידעיש און סאַי אָרגאַניזאַציאָנעל. מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן דער באַשטימונג, וואָס דער פּלענום האָט ספּעציעל אָנגענומען וועגן דעם כ׳ בוכאַרין. ווי באַוווסט, האָט דער פּלענום באַשטימט אויסשליסן פון דער אָנפירונג פון קאָמינטערן אַ גרופּע כ״כ אין דער שפּיץ מיטן כ׳ בוכאַרין, וועלכע האָבן געפירט אַ רעכטע אָפּאָרטוניסטישע ליניע. דידאָזיקע כאַווײרים האָבן אַפן פּלענום באַקומען אַן איינהייטלעכן ווידערשטאַנד, און זייערע טעאָריעס זיינען אָפּגעשלײַדערט געוואָרן, ווי אַנטילעניניש. דער פייער איז געווענדט געוואָרן קעגן די רעכטע און די טאָלעראַנטע צו זיי עלעמענטן. „די פאָרשטעלונג פון די טאָלעראַנטלער—ווערט געזאָגט אין די רעזאָלוציעס פון 10-טן פּלענום—וועגן דער פאַרטעמפונג פון די אינערלעכע ווידערשפּרוכן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און וועגן דער מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן דעם אינערלעכן מאַרק, פאַרהיטנדיק די אַנאַרכיע אויסשליסלעך אַפן וועלט-מאַרק, ווערט אָפּגעוואָרפן דורך דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין משך פון די לעצטע יאָרן און איז פאַקטיש אַ קאַפּיטולאַציע פאַר דער רעפאָרמיסטישער אידעאָלאָגיע". ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז דער פּלענום שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די, וואָס האָבן אומדירעקט געזונגען לויב-געזאַנגען דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע, וועגן דעם האָט דער פּלענום געזאָגט אַזוי: „פאַלנדיק מיט איר גאַנצער שווערקייט אַפן אַרבעטער-קלאַס, פאַרערגערט זי (די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע—א. ב.) דעם לעבן-ניוואָ און אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרלענגערן דעם אַרבעט-טאָג און איינפירן די קאָנווייער-סיסטעם, דערפירט זי די אויסמאַטערונג פון דער אַרבעט ביז דער העכסטער מאָס". די רעזאָלוציע פונם פּלענום איבער דער פראַגע פון כ׳ בוכאַרין וואַרפט אויך אָפּ די „טעאָריעס" פון די רעכטע אין דער אַל.ק.פּ., טעאָריעס וועגן דער אינדוסטריאַליזאַציע, וועגן דער קאָלעקטיוויזאַציע פון דאָרף און וועגן דער פּאַרטעישער אָנפירונג. דידאָזיקע רעזאָלוציע קאָנסטאַטירט, אַז דער כ׳ בוכאַרין האָט זיך „אַראָפּגעקייקלט צום ליבעראַלן אויסטײַטשן דעם נעפּ, וועלכער פירט... צו דער פרײַהייט פון אַנטוויקלען די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין לאַנד, צו אָפּזאָגן זיך פון אָנקוועטשן אַף די באַלעגופישע עלעמענטן, וואָס ספּעקולירן בייזווילִיק מיט ברויט, צו פאַרלייקענען די נויטיקייט פון אינדיווידועל באַשטײַערן די באַלעגופים... און האָט באַטײַט, אַז פאַקטיש קײַקלט זיך דער כ׳ בוכאַרין אַראָפּ צו דער פּאָליטיק פון קלאַסן-מיטאַרבעטערשאַפט מיט די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, פאַרבײַטנדיק די פּאָליטיק פון

קלאַסן-קאַמף פֿונם פּראָלעטאַריאַט וועגן באַלעגוף מיִט דער פּאָליִטיִק פֿון „אַרײַנוואַקסונג פֿון דעם באַלעגוף איִן דעם סאָציאַליִזם”. דיִזעלבע רעזאָלוציע ווײַזט אָן, אַז אָט די פֿאַלשע שטעלונג פֿון דעם כ' בוכאַריִן איִז ענג פֿאַרבונדן מיִט זײַן קורס אַף „צונויפֿוויִקלען דעם גיִכן טעמפּ פֿון איִנדוסטריִאַליזירן דאָס לאַנד, וואָס ווערט דורכגעפֿיִרט דורך דער „פּאַרטײ”. די רעזאָלוציע קומט צום אויספֿיִר, אַז „דער כ' בוכאַריִן מיִט זײַנע אָנהענגער, קאַפּיִטולירנ-דיִק פֿאַר די שוועריִקייטן, גיִבן אָפּ די פּאָזיִציעס פֿונם פּראָלעטאַריאַט איִן דערדאָזיִקער גרונט-פֿראַגע פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג, אָפּשפּיִגלענדיִק מיִט זייער פּאָזיִציע דעם דרוק פֿון דער קלײנבירגערלעכער סטיכיע אַף אײניִקע שיִכטונגען פֿון דער פּאַרטײ”. דיִדאָזיקע רעזאָלוציע ווײַזט ווײַטער אָן, אַז „בוכאַריִן און זײַנע אָנהענגער, זיִך צודעקנדיִק מיִט פֿראַזן וועגן קאַמף מיִטן ביוראָקראַטיִזם און גלײַכצײַטיִק דערמיט אַרויסטרעטנדיִק קעגן דער איִבערבויונג פֿון דער אַרבעט איִן דער פּאַרטײ-אָרגאַניִזאַציע, פּראָפֿאַרײנען, קאָאָפּעראַציע און מעלוכע-אַפּאַראַט, וואָס קומט פֿאָר אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער פּאַרטײ, אַפֿן גרונט פֿון נײַע פֿאָרמען צו אַלזײַטיִק פֿאַרשטאַרקן די פֿאַרביִנדונג מיִט די מאַסן, שפּיִגלען דערמיִט אַליין אָפּ די ערנסטע עלעמענטן פֿון פֿאַרגליִווערונג און ביוראָקראַטיִזם, וואָס שטעלן זיִך קעגן דער ליניע פֿון פּאַרטײ”. אַף אַזאַ אויפֿן, האָט דער אָפּאָרטוניִזם איִן דער אַל.ק.פּ. באַקומען אַ באָלשעוויסטישן ווידערשטאַנד מיִצאַד דעם קאָמיִנטערן.

דאָס אַלץ באַצייכנט די פּרינציפּיעלע הויך, אַף וועלכער דער 10-טער פּלענום איִז געשטאַנען באַם באַטראַכטן די קאָנקרעטע אויפֿגאַבן, וואָס שטייען פֿאַר דער איִנטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג. קאָנסטאַטיִרנדיִק דעם אָנוווּקס פֿון דער נײַער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, פֿיִלנדיִק די אַכראַיעס, וואָס דער פֿאָרשטייענדיִקער פּעריאָד לייגט אַרויף אַף די קאָמוניִסטיִשע פּאַרטייען—די אַוואַנגאַרד-מאַכנעס איִן די פֿאָרשטייענדיִקע קאַמפֿן, האָט דער פּלענום ניִט געשוינט אַלע וואַקלדיקע און אַנטיִבאָלשעוויסטישע עלעמענטן, איִן פֿולן באַוווסטזײַן, אַז מער פֿון אַלץ דאַרף אָפּגעהיִט ווערן די רײנקייט פֿון די פּרינציִפּן פֿון לעניניזם—פֿון אָט דעם קאַמף-געווער פֿאַר דער ענדגיִלטיִקער פֿאַרוויִרקלעכונג פֿון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

---

א. אָשעראָוויִטש.

# דיִ ייִדיִשע קאָמיִסאַריִאַטן און דיִ ייִדיִשע קאָמוניִסטיִשע סעקציִעס.

(פּראָטאָקאָלן, רעזאָלוציִעס און דאָקומענטן 1918–1921)
צוזאַמענגעשטעלט פון ש. (ס.) אַגורסקיִ.

(ביִבליִאָגראַפיִשע אָפּהאַנדלונג).

איִן דער הערשיִשער עפּאָכע פון מיִליִטער־קאָמוניִזם איִז דיִ קאָמוניִסטיִשע באַוועגונג טיִף אַריַינגעדרונגען צוויִשן דיִ ייִדיִשע אַרבעטער־מאַסן. צוזאַמען מיִט דעם הערשיִשן אָנגריִף מיִצאַד דער פּאַרטיי און סאָוועטנמאַכט אַף אַלע איִמפּעריאַליִסטיִשע סאָניִם איִז פאָרגעקומען אויך דער אָנגריִף אַף דער באַגרענעצטקיַיט, צעקראָכנקיַיט, באַלעבעסלדיִקיַיט פון דיִ קליינביִרגערלעכע פּאַרטייען, וויִ „בונד“, פּ. צ. און אַנדערע. אַף דיִ פּאַרטייען, וויִ אַזעלכע, איִז קיַין אָנגריִף ניִט געווען. זיי האָבן געלעבט לעגאַל. זיי האָבן געהאַט זייערע אָרגאַנען. מען האָט זיי געדולדעט, האַגאַם זייער אַרבעט איִז געווען אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע.

דאָך זיַינען דיִ קליינביִרגערלעכע פּאַרטייען איִן יענע יאָרן פון הערשיִשן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פולשטענדיִק צעשמעטערט געוואָרן. זייער צופּוילטקיַיט און מיִעסער באַנקראָט איִז אויפגעדעקט געוואָרן פאַר אַלעמען. דער „שטאָלצער און מעכטיִקער“ „בונד“ איִז וויִ אַ רויך צערונען געוואָרן. וועגן דיִ איִבעריִקע פּאַרטייען איִז דאָך שוין אָפּגערעדט.

און מערקוויִרדיִק. וועגן דעמדאָזיִקן פעריאָד האָט מען אַזוי ווייניִק געשריִבן, אַזוי ווייניִק באַלויכטן, אַז כ׳ אַגורסקיִ האָט שוין אַמאָל געוואָרפן אַ כשאַד: עפּשער וויִל מען מיִט אַ קיִוון פאַרשוויַיגן דעמדאָזיִקן פעריאָד.

כ׳ אַגורסקיִ האָט אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך—ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלע „מער אָדער ווייניִקער וויִכטיִקע היִסטאָריִשע דאָקומענטן פון דערדאָזיִקער אויסערגעוויינטלעכער איִנטערעסאַנטער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. דאָס פאָרווערט פון אונדז דיִ געשיִכטע, און דאָס מוזן מיִר טאָן איִן דיִ איִנטערעסן פון דיִ ייִדיִשע אַרבעטער, וואָס געפיִנען זיִך איִן דיִ קאַפּיִטאַליִסטיִשע לענדער און זיַינען ווייניִק באַקאַנט מיִט דעם קאַמף, וואָס מיִר האָבן דורכגעפירט קעגן דער ייִדיִשער בורזשואַזיע און דיִ ייִדיִשע קליינביִרגערלעכע פּאַרטייען“. (פון אַגורסקיִס פאָרוואָרט).

מיִר רעכענען, אַז אומזיִסט שטעלט כ׳ אַגורסקיִ דעם טראָפּ „אַף דיִ ייִדיִשע אַרבעטער, וואָס געפיִנען זיִך איִן דיִ קאַפּיִטאַליִסטיִשע לענדער“. דיִ ייִדיִשע אַרבעטער פון סאָוועטנפאַרבאַנד וועלן אויך האָבן אַסאַך צו לערנען פון דער געשיִכטע פון דער פּאַרטיי איִן יענעם פעריאָד. פּאַרטיי־געשיִכטע ביִכלאַל איִז אַן אָרגאַניִשער טייל פון לעניִניִזם, וואָס איִז דיִ וועלט־אָנשויונג פונם פּראָלעטאַריאַט.

און ווען דיִ געשיִכטע וועט זיִך איִבערכאַזערן איִן פּוילן, איִן רומעניע און געוויִס אויך איִן אַמעריִקע,—פאַרשטייט זיִך, באַ מער אָדער ווייניִקער געענדערטע סיִטואַציעס און

קיכעס קאָמבינירונג,—וועט די דורכגעמאַכטע דערפֿאַרונג זײַן נוצלעך ניט בלויז פֿאַר די יידישע אַרבעטער פֿון יענע לענדער, נאָר אויך פֿאַר אַלע אַרבעטער.

מיר קענען אויך בעשום־אופֿן ניט מאַסקים זײַן מיט דער אָפּשאַצונג פֿון אייניקע מאַטעריאַלן מיצאַד דעם כ׳ אַגורסקי.

„די פּראָטאָקאָלן פֿון דער ערשטער קאָנפֿערענץ, שרײַבט כ׳ אַגורסקי, באַקאַנען אונדז מיט דער געבורט־עפּאָכע (אונטערגעשטריכן פֿון אונדז. אָ. אָ.) פֿון קאָמוניסטישן געדאַנק צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן". ווען מיר וואָלטן ניט געוווּסט כ׳ אַגורסקיס שטעלונג צו דער אַזויגערופֿענער „פֿאַרשפּעטיקונג־טעאָריע", ווען מיר וואָלטן ניט געוווּסט, ווי אַזוי כ׳ אַגורסקי האָט מיט היסטאָרישע דאָקומענטן צעשטערט די לעגענדע, אַז דער „בונד" זאָל האָבן געווען דער „איינציקער פֿאָרשטייער פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט", וואָלטן מיר דאָ פֿאַרפֿירט מיט כ׳ אַגורסקין אַ פּאָלעמיק. מיר וואָלטן זיך דעמלט געסטאַרעט צו באַווײַזן, אַז ניט די ערשטע קאָנפֿערענץ פֿון די יידישע סעקציעס, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין 1918 יאָר, איז די „געבורט עפּאָכע" פֿון דעם קאָמוניסטישן געדאַנק צווישן די יידישע אַרבעטע־מאַסן. מיר וואָלטן באַווײַזן, אַז שוין באַ דער רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר האָבן גרויסע מאַסן יידישע אַרבעטער געקעמפֿט אונטער די פֿאָנען פֿון באָלשעוויזם. נאָר אַזוי ווי כ׳ אַגורסקי האָט אַליין אין אַ גאַנצער ריי אַרטיקלען און ביכער באַווײַזן דאָס־זעלביקע, וועלן מיר זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס מיר ווען אָנווײַזן, אַז די פֿאָרמולירונג פֿון כ׳ אַגורסקין בענוגייע דער ערשטער קאָנפֿערענץ איז אַ פֿעלערהאַפֿטע, וואָס מוז אַזוי אָדער אַנדערש אויסגעבעסערט ווערן.

נאָר אויב ניט די „געבורט־עפּאָכע פֿון קאָמוניסטישן געדאַנק", איז די ערשטע קאָנפֿערענץ געווען דער ערשטער אָנזאָג פֿון אָרגאַניזירנדיקע קויכעס פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער יידישער סוויווע. דאָס זײַנען געווען די יידישע קאָמיסאַריאַטן און די יידישע קאָמוניסטישע סעקציעס.

---

ספּעציעלע אָרגאַנען פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור,—דאָס האָט אַרײַנגעטראָגן אַ פּלאָנטער אין די מויכעס פֿון די „געוועזענע". די פּ. צ. האָבן געקוקט אַף דעם יידישן קאָמיסאַריאַט, ווי אַף אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. די לינקע בונדאָווצעס וואָלטן אויך אײַנגענאַנגען אַף אַזאַ אַווטאָנאָמיע, ווען מען וואָלט באַ איר צוגענומען די עקאָנאָמישע און די סאָציאַלע פֿונקציעס און איבערגעלאָזן פֿאַר איר „ריינע" קולטורעלע פֿונקציעס. אַפֿילע באַ אַסאַך קאָמוניסטן האָט זיך באַקומען אַזאַ נעבלהאַפֿטער, נאַציאָנאַליסטישער לאָזונג—„דערקלערן די דיקטאַטור פֿון יידישן פּראָלעטאַריאַט אַף דער יידישער גאַס". אָנשטאָט צו זאָגן „די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט אין דער יידישער סוויווע", האָט מען גערעדט וועגן „דער דיקטאַטור פֿון י י ד י ש ן פּראָלעטאַריאַט אַף דער יידישער גאַס". אַזאַ לאָזונג שמעקט מיט אַווטאָנאָמיזם. אַזאַ לאָזונג האָט געפֿירט צו דער אידייע פֿון שאַפֿן ספּעציעלע סאָוועטן פֿון יידישע אַרבעטער־דעפּוטאַטן, אָן וואָס ס'האָבן זיך אָנגעכאַפּט די פּ.צ.

די רעזאָלוציעס פֿון דער ערשטער קאָנפֿערענץ ריידן אַזוי:

די נאָענטסטע אויפֿגאַבן פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַף דער יידישער גאַס איז די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אַרבעטער־רעגירונג און די פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער אַרבעטער־דיקטאַטור אַף דער אַלרוסלענדער, ווי אויך אַף דער יידישער גאַס.

דאָ איז דײַטלעך געזאָגט געוואָרן וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן טאָך פֿון דער אַרבעט פֿון די קאָמיסאַריאַטן.

כ׳ מאַנדלסבערג האָט אַזוי פֿאָרמולירט די אויפֿגאַבן פֿון קאָמיסאַריאַט בענויגייע דער עקאָנאָם-אַרבעט:

דער קאָמיסאַריאַט דאַרף געבן אַ מעגלעכקייט דעם ייִדישן קליינבירגער, דעם לופֿטמענטש און דעם קליינעם סוחר אַרויסצוּוואַרפֿן די גראָשנדיקע ספּעקולאַציעס און צו פֿאַרנעמען זיך מיט ערלעכער, נוצלעכער אַרבעט. מיר מוזן עפֿענען אין אַלע ערטער, ווו עס געפֿינען זיך די גרעסערע ייִדישע מאַסן, גוטע ערדאַרבעטער קאָמונעס, אַף וואָס די אָרטיקע סאָוודעפּן דאַרפֿן אונדז געבן ערד מיט די אַלע איבעריקע מיטלען.

דערבײַ דאַרף מען ניט פֿאַרגעסן, אַז אין יענער צײַט איז די דאָזיקע פֿראַגע געווען באַזונדערס אַקטועל, ווײַל אַ גרויסער טייל פֿון די ייִדישע אַרבעטער זײַנען צוליב דער מילכאָמע און היימלאָזיקייט געוואָרן דעקלאַסירט און מע האָט געמוזט אים אומקערן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט.

כ׳ אַגורסקי ווײַזט אָן אַף אַ וויכטיקן רעוואָלוציאָנערן מאָמענט אין דער אַרבעט פֿון די קאָמיסאַריאַטן. הונדערטער טויזנט היימלאָזע האָבן זיך גרופּירט אַרום די דאָזיקע קאָמיסאַריאַטן, און אומקערנדיק זיך צוריק אַהיים, האָבן די היימלאָזע פֿאַרטראָגן די „באַצילן" פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין די אָקופּירטע געגנטן, ווי ליטע, לעטלאַנד, ווײַס-רוסלאַנד, וווּ זיי האָבן מיטגעהאָלפֿן בויען די סאָוועטן.

---

דער סעקציאָניזם אין די ערשטע יאָרן איז געווען אַ מיטל צו פֿאַרלײַכטערן דעם איבערגאַנג פֿון די אַרבעטער, וואָס זײַנען געווען אין „בונד", אין פּ. צ., צום קאָמוניזם.

כ׳ דימאַנשטיין האָט אַזוי פֿאָרמולירט דעם מעהוס פֿון די ייִדישע קאָמוניסטישע סעקציעס.

די נײַע ייִדישע סעקציעס וועלן באַשטיין פֿון נײַע כאַווײרים, וועלכע טרעטן ערשט אַרײַן אין דער פּאַרטיי. די אַלטע וועלן בליסאָפּעק פֿאַרבלײַבן אין די רייען פֿון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי.

אין דערזעלבער צײַט דאַרפֿן מיר זען, אַז אונדזערע סעקציעס זאָלן בלײַבן ריין פֿון וועלכע ס׳ניט איז בורזשואַזע נאַציאָנאַלע ריכטונגען.

איצט שטעלט זיך די פֿראַגע, ווי אַזוי זאָלן מיר צוציִען צו זיך די אַרבעטער, וועלכע געפֿינען זיך אין די איבעריקע ייִדישע פּאַרטייען. אַף דעם איז דאָ איין ענטפֿער: בענויגייע צו דער ייִדישער גאַס איז די אָרגאַניזאַציע פֿון די ייִדישע סעקציעס אַ זעלבשטענדיקע.

אין אַלגעמיינע פֿראַגן זײַנען זיי אַ טייל פֿון דער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע פֿון דער אַלגעמיינער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

וואָס עס געהער דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פֿאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער פּאַרטיי, דאַרף זי זײַן אַווטאָנאָם און ניט פֿעדעראַטיוו.

אויב ס׳איז ריכטיק איבערגעגעבן דעם כ׳ דימאַנשטיינס רעדע, דאַרפֿן מיר אַזוי פֿאַרשטיין:

1) די סעקציע איז בלויז פֿאַר נײַע מיטגלידער.
2) די סעקציע איז נאָך ניט די פּאַרטיי.
3) די ייִדישע סעקציע איז אַן אָרגאַניזאַציע, ניט בלויז אַ טייל פֿונם פּאַרטיי-אַפּאַראַט.
4) בענויגייע ייִדישע פֿראַגן איז די סעקציע זעלבשטענדיק.

דאָס אַלץ ווערט מאָטיווירט מיט דעם, ווי אַזוי בעסער צוציִען צו די סעקציעס די אַרבעטער, וואָס געפֿינען זיך אין אַנדערע פּאַרטייען.

דער קומענדיִקער היִסטאָריקער וועט דאַרפֿן אָפּשאַצן: ציִ ס׳איִז ריִכטיִק געווען אַזאַ קוק אַף דיִ סעקציעס פֿון שטאַנדפּונקט פֿון יענער עפּאָכע?

כ׳ באקאלטשוק האָט פּאָשעט דערקלערט: „מען דאַרף ניִט מוירע האָבן פֿאַרן נאַציאָ-ליִזם פֿון דיִ ייִדיִשע אַרבעטער, ווײַל ער וועט ניִט וויִרקן אַף זייער קלאַסן-קאַמף. עמעס, דיִדאָזיִקע דערקלערונג רופֿט אַרויס אַ „קליינע“ מיינונג-פֿאַרשיידנהײַט.

ס׳איִז בעמעס צו באַוואונדערן מיִט וואָס פֿאַר אַ געדולדיִקײַט און טאָלעראַנטקײַט דיִ סעקציעס האָבן זיִך באַצויגן צו זייערע קעגנער.

אָט נעמט, לעמאָשל, דיִ ערשטע קאָנפֿערענץ. איִן איִר האָבן זיִך באַטייליִקט אויך קולטורטוער, וואָס דער גרעסטער טייל פֿון זיי „זײַנען געווען קעגנער פֿון דער סאָוועטן-מאַכט און ביִטערע סאָניִם פֿון ייִדיִשן קאָמיִסאַריאַט“ (ז. 20). דיִדאָזיקע קולטורטוער האָבן געפֿאָדערט ניִט אַנדערש מען זאָל זיי געבן שטימרעכט. אַף דער קאָנפֿערענץ האָבן זיי נאָר געקלאָגט אַף דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, וואָס שטאַרבט אָפּ.

ווען איינער אַ כאַווער האָט אַרײַנגעטראָגן אַ באַשטיִמטע קלאָרע רעזאָלוציע, איִן וועלכער ס׳האָט זיִך גערעדט וועגן דעם ענגן צוזאַמענבונד פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע מיִט דער עקזיִסטענץ פֿון דער פּראָלעטאַריִשער קולטור ביִכלאַל... האָט דיִדאָזיִקע רעזאָלוציע צונויפֿגעקליִבן אַ גאַנץ באַדײַטנדיִקע מינדערהײַט, אַרום 40%, און זיִ איִז ניִט דורכגעגאַנגען (ז. 63).

דער איִנסטרוקטאָר פֿון דער ייִדישער ביִלדונג-כעווּרע קאַמענעצקיִ טרעט אַרויס קעגן דער גזיירע פֿון פֿאַרווערן העברעיִש און טײַנעט, אַז דיִ ייִדיִשע שולן קען מען ניִשט פֿאַר-גלײַכן מיִט דיִ אַלגעמיינע, ווײַל דיִ ייִדישע האָבן שוין דיִ טראַדיִציע „לא בחיל ולא בכח“ (ניִט מיִט געוואַלט, נאָר מיִטן גײַסט).

דיִ לערער-סעקציע האָט מען ניִט פֿאַנאַנדערגעטריִבן. געדולדיִק האָט מען זיי אויפֿ-געוויִזן זייערע פֿעלערן.

אָט וויִ כ׳ דיִמאַנשטיין שאַצט אָפּ איִן אַ לייטאַרטיִקל איִן „אמת“ דיִ אַרבעט פֿון דער קאָנפֿערענץ.

„דיִ ערשטע קאָנפֿערענץ האָט געמאַכט דעם בעסטן אײַנדרוק אַף דיִ לערער... פֿון אָנפֿאַנג קאָנפֿערענץ זײַנען זיי דאָרטן געווען וויִ פֿרעמד, נאָר איִן דיִ לעצטע טעג האָבן זיי זיִך דערפֿיִלט היימיִש. זיי האָבן זיִך איִבערצײַגט, אַז זיי זײַנען צוויִשן דיִ נאָנטסטע פֿרײַנט, ווענען ס׳איִז טײַער זייער זאַך. דער קאָמיִסאַריאַט איִז דער איינציִקער אָרט, וווּ עס וועט אַלץ געטאָן ווערן פֿאַר דער שול“.

מיִר צווייפֿלען איִן דער ריִכטיִקײַט פֿון דערדאָזיִקער אָפּשאַצונג. מעגלעך, אַז כ׳ דיִ-מאַנשטיין האָט עס געטאָן צוליִב באַשטיִמטע טאַקטיִשע טײַמיִם. אָבער איִן עמעסן איִז שווער זיִך פֿאָרצושטעלן, אַז „קעגנער פֿון סאָוועטנמאַכט און ביִטערע סאָניִם פֿון קאָמיִסאַריאַט“, מענטשן, וואָס וואַרפֿן אָפּ אַ רעזאָלוציע, וווּ עס רעדט זיִך וועגן „ענגן צוזאַמענבונד פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע מיט דער עקזיִסטענץ פֿון דער פּראָלעטאַריִשער קולטור“,—זאָלן איִן אַ מעשעך פֿון אַ פּאָר טעג זיִך איִבערצײַגן איִן דער נויטיִקײַט פֿון עקזיִסטענץ פֿון ייִדיִשן קאָמיִסאַריאַט. דיִ ייִדיִשע לערער, וויִ אַלע אַנדערע לערער, האָבן איִן דיִ ערשטע יאָרן פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע זיִך ניִט אויסגעצייכנט מיִט אַ באַזונדער ליִבע און איִבער-געגעבנקײַט צו דיִ אָרגאַנען פֿון דער פּראָלעטאַריִשער דיִקטאַטור.

---

כ׳ אַגורסקיִ האָט געבראַכט אַסאַך מאַטעריאַלן, וואָס באַווײַזן די צעפֿאַלונג פֿון „בונד“ איִן דיִ יאָרן פֿון ביִרגערקריִג. קיִמאַט אומעטום טיילן זיִך אויס ליִנקע פֿליִגלען, וואָס צע-בונטעווען זיִך קעגן דיִ פֿיִרער פֿון „בונד“. אָט, לעמאָשל, האָבן דיִ ליִנקע בונדאָווצעס איִן יעקאַטעריִנענבורג, וואָס האָבן זיִך אָפּגעשפּאָלטן פֿון דער בונדיִשער אָרגאַניִזאַציע, דערקלערט:

„די אַלטע בונדישע פאָן, וועלכע ס'האָבן פאַרשמוצט די הערן ליבערס און אַבראַמאָוויטשעס, איז צוריק אַריבער אין זיכערע הענט".

דאָסזעלביקע האָבן דערקלערט די לינקע בונדאָווצעס אין פערם.

„דער „בונד" האָט 21 יאָר שווער געאַרבעט אין אומענטשלעכע באַדינגונגען... ער איז אַלעמאָל געשטאַנען אין אַוואַנגאַרד פון דעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער-קלאַס אין רוסלאַנד", נאָר די פירער האָבן צום סאָף פאַרפירט, זיי האָבן פאַראַטן.

קיינעם איז אָבער ניט אַרויף אַפן געדאַנק: עפשער האָט זיך דער פאַראַט פון „בונד" אָנגעהויבן אַ צייט פריער פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, עפשער איז די עקזיסטענץ פון „בונד" גופא, ווי אַ נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, געווען אַ פאַראַט. קיינער האָט ניט געפרווט „רעווידירן" די פאַרגאַנגענהייט פון „בונד". אַלע זיינען געווען זיכער, אַז דער פאַראַט האָט זיך אָנגעהויבן נאָר באַ דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע.

מיילע, אַז די לינקע בונדאָווצעס האָבן זיך געהאַלטן באַ אַזאַ מיינונג איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. נאָר ס'איז צו באַוואונדערן, אַז אין דער קאָמוניסטישער פרעסע פון יענער צייט איז גאָרנישט געשריבן געוואָרן וועגן דער מיעסער פאַרגאַנגענהייט פון „בונד".

כ' אַגורסקי האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט געגעבן אַן אָנמערקונג, ווו עס ווערט געזאָגט:

> עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז אין יעדן אַרויסטריט פון די אַרבעטער-עלעמענטן פון „בונד" קעגן זייערע פירער האָט זיך אומעטום באַמערקט אַ שטרע-בונג צו אופהאַלטן די בונדישע טראַדיציעס. און באַ אַ גרויסן טייל פון די געווע-זענע בונדאַווצעס האָט זיך נאָך אַ לאַנגע צייט נאָך זייער אַרויסטריט פון „בונד" ניט אויסגעלעבט דער געדאַנק, אַז דער „בונד" איז שטענדיק געווען אַ רעוואָלו-ציאָנערע אָרגאַניזאַציע, און אַז ער איז געווען דער אַוואַנגאַרד פון דער רוסלענדער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

פאַרוואָס אָבער זיינען אַזעלכע אָנמערקונגען ניט געווען דעמאָלט, בעשאַס מייסע?

ציַ איז דאָס געווען אַ פראַגע פון טאַקטיק, קעדיי בעסער צושלאָגן דעם „בונד" פון „היינט", אָדער די פירער פון די סעקציעס, וואָס האָבן אַזוי גוט געשלאָגן דעם „בונד" פון היינט, האָבן אַליין „אידעאַליזירט" די פאַרגאַנגענהייט פון „בונד"? האָבן אַליין געמיינט, אַז אין דער פאַרגאַנגענהייט איז דער „בונד" בעעמעס געווען אַן אַוואַנגאַרד.

ריכטיק וועט זיין צו זאָגן, אַז אַ טייל טוער האָבן גאַנץ גוט געוווסט, וואָס עס איז געווען דער „בונד" אין אַלע זיינע גילגולים, נאָר זיי האָבן ניט געטשעפעט זיין פאַרגאַנ-גענהייט, קעדיי בוילעטער צו מאַכן זיין יערידע און באַנקראָט פון היינט, און אַ טייל טוער האָבן טאַקע אָנגענומען פאַר אַן עמעס די לעגענדע וועגן „איינציקן פאָרשטייער" און וועגן דעם „אַוואַנגאַרד פון דער רעוואָלוציע".

מיר האַלטן די פראַגע פאַר זייער אַן ערנסטע, וואָס דאַרף דאָקומענטאַל אופגעקלערט ווערן.

---

אַקוראַט ווי מען האָט איבערגעשאַצט די מאָראַלישע קראַפט פון „בונד" אין זיין פאַרגאַנגענהייט, ווי אַן „איינציקער פאָרשטייער", ווי אַן „אַוואַנגאַרד", אַזוי האָט מען אויך איבערגעשאַצט די „פיזישע" קראַפט פון „בונד" אין זיין קעגנוואַרט. מע האָט געמיינט, ווער וויים וואָס פאַר אַ קויעך דער „בונד" פאַרמאָגט. דעריבער האָט מען זיך מיט אים געדונגען, און אַסאַך אים נאָכגעגעבן באַ זיין אַריינטרעטן אין דער פאַרטיי.

אין דעם פראַט האָבן די סעקציעס ניט געזינדיקט. זיי האָבן געוואָרנט די פאַרטיי, אַז מ'זאָל דעם „בונד" ניט נאָכגעבן. לעמאָשל, וועגן אַיינהיטן דעם נאָמען פון בונדישן אָרגאַן „וועקער". דוכט זיך, אַז אַלע פון די סעקציאָניסטן זיינען געווען קעגן דעם.

אַן אינטערעסאַנטן דאָקומענט האָט כ׳ אַגורסקי געבראַכט. דאָס זײַנען די טעזיסן פֿון דער הויפּט-ביוראָ פֿון די ייִדסעקציעס פֿון ווײַסרוסלאַנד וועגן דער באַציִונג צום „בונד“.

אין דאָקומענט ווערט געזאָגט:

ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס דער „בונד“ אָנערקענט אַפֿן וואָרט דעם קאָמוניזם, די פּראָגראַם און טאַקטיק פֿון ר.ק.פּ., איז ער, אין גרונט גענומען, אַ קלײנבירגערלעכע פּאַרטיי.

דאָס ווײַזט זיך אַרויס אין דער פּשאָרעמאַכערישער פּאָליטיק, וועלכע דער „בונד“ פֿירט בענויגייע צו דער שטאָטישער קלײנבורזשואַזיע.

מיט אַ באַזונדער קראַפֿט ווײַזט זיך דאָס אין דער טעטיקײַט פֿון סאָוונאַרכאָז אין ווײַסרוסלאַנד, וועלכער ווערט אָנגעפֿירט פֿון דעם בונדיסט ווײַנשטיין.

די נאַציאָנאַליזאַציע פֿון דער אינדוסטריע אין ווײַסרוסלאַנד גייט מיט אַ צו לאַנגזאַמען טעמפּ, וואָס רופֿט אַרויס די אומצופֿרידנהײַט פֿון די אַרבעטער, פֿאַרנומענע אין דער נאַציאָנאַליזירטער אינדוסטריע...

... אין איצטיקן מאָמענט געפֿינען זיך די וויכטיקסטע קאָמיסאַריאַטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט די ברייטע אַרבעטער-מאַסן, ווי סאָוונאַרכאָז, סאָבעז, געזונט-פֿאַרהיטונג און ביז דער לעצטער צײַט דער גובעוואָק, אין די הענט פֿון די בונדיסטן.

בײַ די מאַסן שאַפֿט זיך אַן אײַנדרוק, אַז בײַ דער מאַכט געפֿינט זיך דער „בונד“ און ניט אונדזער פּאַרטיי.

וואָס איז געווען די פֿאָדערונג?

ניט אַרײַנטרעטן אין קײַן שום פֿאַרשטענדיקונגען מיטן „בונד“.

אָנערקענען פֿאַר אַ פֿעלער די בלאָקן, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן מיטן „בונד“ בײַ די וואַלן צו דער אומפּאַרטעיִשער אַרבעטער-קאָנפֿערענץ.

אין אַלע קאַמפּאַניעס אַרויסטרעטן קעגן „בונד“.

ניט געקוקט אַף דעם, האָט די פּאַרטיי געמאַכט אַסאַך האַנאָכעס דעם „בונד“ בײַם אַרײַנטרעטן אין דער פּאַרטיי.

און דער „בונד“ פֿון זײַן זײַט?

ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון נאָמען „בונד“. אײנס אָבער האָט ער באַהאַלטן פֿאַר זיך— דאָס איז דעם בונדיזם.

אָט וואָס דער בונדישער „וועקער“ האָט געשריבן האַרט פֿאַר דער אַרײַנגיסונג.

און זאָל דאָס איצט, אין דעם לעצטן מאָמענט, קלאָר און דײַטלעך געזאָגט ווערן: וואָס עס זאָל ניט געשען מיטן נאָמען „בונד“, מיט דער פֿאָרם פֿון „בונד“, וואָס פֿאַר אַ באַשלוסן די קאָנפֿערענץ זאָל ניט אָנעמען—דער בונדיזם וועט לעבן ביזוואַנען ס׳וועט לעבן די ייִדישע אַרבעטער-באַוועגונג, ביזוואַנען ס׳וועט לעבן דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט. דער בונדיזם וועט לעבן און וועט זיגן.

עפּשער ליגט אין דעם דער סאָד, וואָס אין אַ מעשעך פֿון אַ גאַנצער ריי יאָרן האָט מען געדאַרפֿט פֿירן אַ קאַמף קעגן די רעשטלעך פֿון בונדיזם, קעגן דער אידעאַליזאַציע פֿון דעם בונדס פֿאַרגאַנגענהײַט.

---

מיר האָבן דאָ ניט אויסגעשעפּט אַלע וויכטיקע עטאַפּן, וואָס דער קאָמוניסטישער געדאַנק האָט דורכגעמאַכט פֿאַר יענע יאָרן.

מיר האָבן אָנגעצייכנט אייניקע וויכטיקע פּראָבלעמען, וועלכע דאַרפֿן אויסגעפֿאָרשט ווערן אַפֿן גרונט פֿון מאַטעריאַלן און דאָקומענטן.

אויב מיר ווילן, אַז די דורכגעמאַכטע דערפֿאַרונג זאָל אונדז דינען פֿאַר אַ ליניע אין די פֿאָרשטייענדיקע שלאַכטן פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין די קאַפּיטאַליס-

טישע לענדער, מוזן מיר גוט שטודירן די העראָישע עפּאָכע פֿון בירגערקריג. מיר דאַרפֿן זיך אויך ניט אָפּשטעלן פֿאַר דעם, ווען מיר וועלן אײַנזען אין אונדזער דורכגעמאַכטער אַרבעט די אָדער יענע פֿעלערן.

ווי ס׳זאָל ניט זײַן, מוזן מיר אָבער מודיע זײַן, אַז די שפּעטער פֿון די יידישע קאָמיסאַריאַטן און די סעקציעס זײַנען געווען בעעמעס העלדן אין קאַמף פֿאַר דער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער יידישער סוויווע בײַ דעם „קאַצניאָמערפֿון די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען און נאַציאָנאַליסטישער צעקראָכענער אינטעליגענץ. די „געוועזענע“, וואָס זײַנען געקומען שפּעטער אין די יאָרן 1919—1921, זײַנען געקומען שוין „אַף אַלעם פֿאַרטיקן“.

אַרויסגייענדיק פֿון דעם, האַלטן מיר אַגורסקיס בוך פֿאַר אַן אויצער אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע.

מיר באַדויערן נאָר, וואָס די מאַטעריאַלן זײַנען ניט רעכט רעדאַגירט געוואָרן. ס׳זײַנען דאָ פֿעלערן, וואָס פֿאַרדאַרבן דעם געדאַנק.

ווי געזאָגט אָבער—זײַנען דאָס נאָר מאַטעריאַלן. דער היסטאָריקער דאַרף פֿון זיי צונויפֿשטעלן פּאַרטיי-געשיכטע.

א. וואָלאָברינסקי.

# דיאַלעקטיק אין נאַטור.

## וועגן דער ספּעציפֿישקייט פֿון לעבן.

די פֿראַגע וועגן דער אָביעקטיוויקייט פֿון דער קאַטעגאָריע-קוואַליטעט איז ענג געבונדן מיט דער פֿראַגע וועגן ספּעציפֿישקייט פֿון פֿאַרשיידענע אַנטוויקלונג-עטאַפּן. מיר זאָגן, אַז יעטווידער אַנטוויקלונג-עטאַפּ האָט זיך זיין ספּעציפֿישע געזעצמעסיקייט. דאַקעגן די מעכאַניסטן לייקענען עס אָפּ אין דער אָדער יענער פֿאָרם. קאָנקרעט ווייזט זיך אַרויס די מאַכלויקעס אין דער פֿראַגע וועגן דער ספּעציפֿישקייט פֿון לעבן.

אָט דאָס לעבעדיקע שטאַמט (היסטאָריש) פֿון דאָס ניטלעבעדיקע—דערין קען פֿאַר קיין מאַטעריאַליסט קיין סאָפֿעק ניט זיין. און האַגאָם באַ דעם געגעבענעם עטאַפּ זאָגן מיר „יעדעס לעבעדיקעס פֿון דעם לעבעדיקן"—הייסט עס אָבער ניט, אַז מיר גראָבן אויס אַ טהאָם צווישן לעבן און ניטלעבן. די איינהייט אָבער צווישן דאָס לעבעדיקע און ניטלעבעדיקע לייקנט ניט אָפּ די באַזונדערקייט, ספּעציפֿישקייט פֿון לעבן.

וואָס איז אַזוינס לעבן? דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם גיט אַזאַ דעפֿיניציע פֿון לעבן, וואָס צוזאַמען מיט דעם מאָמענט פֿון איינהייט נעמט זי אויך אַריין דעם מאָמענט פֿון אייגנאַרטיקייט. דאַקעגן, די טענדענץ פֿון מעכאַניזם איז אַזאַ, אַז דאָס לעבעדיקע ווערט צונויפֿגעגאָסן מיט דאָס ניטלעבעדיקע, דער גרענעץ-פּונקט צווישן זיי ווערט באָטל.

זייער גאַנגבאַר און פֿאַרשפּרייט איז די דעפֿיניציע, אַז לעבן איז דאָס, וואָס עס פּאַסט זיך צו. אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם אַנטהאַלט אין זיך די אייגנשאַפֿט, וואָס ער פּאַסט זיך צו דער אַרומיקער סוויווע. אונטער דער ווירקונג פֿון דער אַרומיקער סוויווע ווערט געענדערט דער געבוי, די סטרוקטור און דער גאַנצער מעכאַניזם פֿון דער לעבעדיקער באַשעפֿעניש: אַ געוויקס אַף אַ פֿייכטן באָדן ווערט געבויט אַנדערש, ווי די געוויקסן, וועלכע לעבן אַף אַן אויסשליסלעך טרוקענעם באָדן, אַ כאַיע, וואָס לעבט אין וואַסער האָט אַן אַנדער געבוי, ווי די, וואָס לעבט אַף דער יאַבאָשע א. א. ו. דיזאָזיקע דעפֿיניציע פֿאַרמאָגט אָבער אין זיך פֿאָלגנדיקן כיסאָרן. דער באַגריף „צופּאַסונג" קען פֿאַרשטאַנען ווערן און ווערט אָפֿט פֿאַרשטאַנען אידעאַליסטיש, דעהיינו, אַז אין דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם געפֿינט זיך עפּעס אַזאַ ניטמאַטעריעלע קראַפֿט, וואָס צווינגט די לעבעדיקע באַשעפֿענישן אויפֿצונעמען אַזאַ פֿאָרם און אַזאַ געשטאַלט, וועלכע זאָל זיין מער צוועקמעסיק. עס באַקומט זיך פּונקט, ווי אַ געוויסע פֿאַרבאָרגענע קראַפֿט פֿירט אָן מיט דער אַנטוויקלונג פֿון די לעבעדיקע אָרגאַניזמען. דעמלט וואָלטן מיר געדאַרפֿט זאָגן, אַז אין יעדן לעבעדיקן קערפּער איז דאָ אַ באַזונדער לעבנקראַפֿט, אַ באַזונדער שטרעבונג צו צוועקמעסיקייט, וואָס פֿירט אָן און רעגולירט מיט אים. וואָס טוט דער מעכאַניזם? ער טייטשט אויס „צופּאַסונג" אַזוי, אַז קיין אייגנאַרטיקייט פֿון לעבן זאָל ניט קאָנטיק זיין. דעהיינע, אונטערן וואָרט „צופּאַסונג" פֿאַרשטייט ער ניט נאָר די ענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אין לעבעדיקע קערפּערס, אַדאַנק דער אַרומיקער סוויווע, נאָר בכלל קאָלערליי ענדערונגען פֿון פֿאַרשיידענע קערפּערס. אונטער דעם וואָרט „צופּאַסונג" ווערט פֿאַרשטאַנען דאָס,

וואָס דער קערפּער A ווערט געענדערט און געביטן אַדאַנק דעם, וואָס עס האָט זיך געענדערט און געביטן די סוויווע B. אָבער, אויב מען זאָל „צופּאַסונג" פאַרשטיין אָט אַזוי, איז דאָך ניטאָ די זאַך אף דער וועלט, וועלכע זאָל זיך ניט צופּאַסן. דעמלט הערט אוף „צופּאַסונג" צו דינען, ווי אַ ביאָלאָגישער טערמין און ער ווערט אַן אוניווערסאַלער. דער „צופּאַסונג"-געזעץ וועט זײַן שאַיעך בוכשטעבלעך אומעטום. און דאָך איז קעדײַ צו אָנמערקן, אַז די מעכאַניסטישע וועלט-אָנשויונג פאַרמאָגט אין זיך טאַקע אָט די טענדענץ וואָס זי וויל די באַדײַטונג פון דעם באַגריף „צופּאַסונג" אַריבערטראָגן פון דער ביאָלאָגישער סוויווע אַף קאָלערליי נאַטור-דערשײַנונגען. דאָסזעלביקע קומט פאָר מיטן באַגריף „אָפּקלײַב".

ווען מיר נעמען אַ שטיקל צוקער און וואַרפן אים אַרײַן אין אַ גלאָז וואַסער, און דער צוקער צוגייט, וועלן מיר לויט דערדאָזיקער טערמינאָלאָגיע דאַרפן זאָגן אַזוי: אַדאַנק די ענדערונגען אין דער סוויווע, אין וועלכער עס געפינט זיך דער צוקער, האָט זיך אָפּגעקליבן דער צולאָזענער צוקער. עס איז „אומגעקומען" דער צוקער ווי אַ קריסטאַל. מעכאַניסטיש דענקענדיק, וועט אויסקומען דעם פּראָצעס פון אָפּקלײַב, זיך פאָרצושטעלן אָט פונקט אַזוי, ווי עס ווערט „אָפּגעקליבן" מעל, בייס זי ווערט דורכגעלאָזן דורך אַ זיפּ: קליינע ברעקלעך גייען דורך, גרויסע פאַרהאַלטן זיך. יעדער נאַטירלעכער פאַקטאָר: וואַרעמקײַט, פײַכטקײַט, ליכטיקײַט א. א. וו. וועט דאָ דינען פאַר דערדאָזיקער זיפּ. געוויסע פאָרמען לאָזט ער דורך און געוויסע פאַרהאַלט ער. בײַ דער טעמפּעראַטור, וואָס מיר האָבן אַפן ערדקויגל, קען דער זויערשטאָף עקזיסטירן נאָר ווי אַ גאַז, קוועקזילבער—ווי אַ האַלבפליסיקער מעטאַל, אײַזן—ווי אַ האַרטע שטאָף א. ד. גל. ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ טעמפּעראַטור מיט עטלעכע גראַדוסן נידעריקער, וואָלטן אַ ריי גאַזן עקזיסטירן ווי פליסיקײַטן, אַנדערע—ווי האַרטע קערפּערס. דאַקעגן, ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ טעמפּעראַטור מיט עטלעכע הונדערט גראַדוסן העכער, וואָלטן אַ ריי מעטאַלן עקזיסטירט ווי פליסיקײַטן, אַנדערע ווי גאַזן. אַלזאָ, די טעמפּעראַטור, וועלכע מיר האָבן איצט אַפן ערדקויגל, האָט „אָפּגעקליבן" דעם שטאָף ווי אַ פליסיקײַט, יענעם—ווי אַ האַרטן קערפּער, דעם 3-טן—ווי אַ גאַז א. א. וו. אַף אַזאַ אויפן, ריידן מיר וועגן אָפּקלײַבן ניט נאָר בענויגייע לעבעדיקע אָרגאַניזמען, נאָר מיר ריידן וועגן „אָפּקלײַב" בענויגייע אַלע שטאָפן און אַלע קערפּער. אַף דעם וועג איז זייער ווײַט אַוועק באָגדאַנאָוו—אַ טיפּיש מעכאַניסטישער דענקער (זע זײַן „טעקטאָלאָגיע"). דיזעלביקע טענדענצן זעען מיר אויך אין אַ בוילעטער פאָרם אין דעם זאַמלבוך „פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט" (טייל 1, פיזיק), וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון א. טימיריאַזיעוו. אויך דאָרט ווערט אין אַ ריי אַרטיקלען דורכגעפירט די טענדענץ צו פאַרברייטערן און אוניווערסאַליזירן דעם באַגריף „צופּאַסונג" איבער קאָלערליי נאַטירלעכע דערשײַנונגען. איר האָט דאָרטן אַפילע אַזאַ טעזיס: „זאַלץ האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער ערד, זאַלץ האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צו דער זון". אַף פּראָסטלאָשן הייסט עס, אַז בײַ די טעמפּעראַטור-באַדינגונגען, וועלכע עקזיסטירן אַף דער זון, קען דאָרט קײַן זאַלץ ניט זײַן. דער טערמין „צופּאַסונג" ווערט דאָרט אַריבערגעטראָגן אַפילע אַף די וועגן (אָרביטעס) פון פאַרשיידענע הימל-קערפּערס... דער צונויפשטעלער פון דעם זאַמלבוך האָט אַזעלכע קוריאָזן אָנגענומען פאַר דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

און וואָס באַשטייט דער טאָך פון דערדאָזיקער טענדענץ? אויב מיר וועלן די באַגריפן „צופּאַסונג", „אָפּקלײַב" אַריבערטראָגן אויך אַפן געביט פון מעכאַנישע קעגנווירקונגען, דעמלט וועט באָטל ווערן די אייגנאַרטיקייט פון די פּראָצעסן, וועלכע מיר האָבן אין לעבעדיקע אָרגאַניזמען, ווײַל אויב איך זאָג, אַז דער צוקער האָט זיך „צוגעפּאַסט" צו דער סוויווע פון לופט און האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צו דער סוויווע פון וואַסער, איז וואָס פאַר אַ נאַפּקעמינע וועט דעמלט זײַן צווישן אַ דערדאָזיקער „צופּאַסונג" און צווישן דער „צופּאַסונג", וועלכע מיר האָבן אין לעבעדיקן אָרגאַניזם? די פּראַזע: „דער ווײַסער בער האָט זיך צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון די אַרקטישע לענדער און האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צו

די באַדינגונגען פֿון טראָפּישע לענדער", וועט איצט קלינגען אַלצייַנס ווי די פֿראַזע: „דער צוקער האָט זיך צוגעפּאַסט צו לופֿט און האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צו וואַסער". אינדערעמעסן איז אָבער פֿאַר אונדז קלאָר, אַז צווישן אָט דערדאָזיקער צופּאַסונג און צווישן יענער צופּאַסונג איז דאָ אַ היפּשער מעהאַלעך.

רער טאָעס פֿון דערדאָזיקער מיינונג באַשטייט אין דעם, וואָס ניט יעדע ענדערונג, וואָס קומט פֿאָר אין דעם קערפּער A אַדאַנק דעם, וואָס עס האָט זיך געענדערט די סוויווע, וועלן מיר אָנרופֿן מיטן נאָמען „צופּאַסונג". אונטערן נאָמען „צופּאַסונג" וועלן מיר אָנרופֿן נאָר יענע ענדערונג, וועלכע גיט די מעגלעכקייט דעם קערפּער, ווי אַזאַ, צו עקזיסטירן ווייַטער נאָך דעם, ווי ער האָט זיך געענדערט. נאָך מער, דער קערפּער באַקומט אַ מעגלעכקייט ווייַטער צו עקזיסטירן בלויז, אַדאַנק דער פֿאָרגעקומענער ענדערונג. ער איז אַזאַ, ווייַל ער ענדערט זיך...

דער לעבעדיקער אָרגאַניזם ווערט באַווירקט דורך דער אַרומיקער סוויווע ניט נאָר דורך דעם, וואָס ער ווערט סטאַם געענדערט. עד ווערט געענדערט אַזוי, אַז די דאָזיקע ענדערונגען גיבן אים אַ מעגלעכקייט ווייַטער צו עקזיסטירן באַ דער געענדערטער סוויווע. דער, וואָס האָט אַריבערגעטראָגן אַ טיף ווערט ניט פּאָשעט געענדערט, נאָר ער ווערט געענדערט אָט אַזוי, אַז אַ צווייטן מאָל האָט ער שוין פֿאַר דעם גיפֿט („טאָקסין") פֿון טיף קיין מוירע ניט.

דאָסזעלבע איז אויך גאַנגבאַר און פֿאַרשפּרייט די דעפֿיניציע פֿון לעבן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון רעאַגירן. לעבן איז דאָס, וואָס רעאַגירט אַף די רייצונגען פֿון דער אַרומיקער סוויווע, אָבער דאָ וועט שוין זיין קלאָר, אַז אויך דידאָזיקע דעפיניציע ווייַזט ניט די אייגנאַרטיקייט און באַזונדערקייט פֿון לעבן. מאַכמעס, מיר קענען דעם באַגריף „רעאַגירן" אַריבערטראָגן איבער די ראַמען פֿון ביאָלאָגיע, מיר קאָנען אונטער דעם וואָרט „רעאַגירן", ווידעראַמאָל, פֿאַרשטיין די ענדערונג, וועלכע קומט פֿאָר אין דעם געגעבענעם קערפּער אַדאַנק די ענדערונגען אין דער סוויווע, דעמלט וועט אויסקומען, אַז יעדע זאַך רעאַגירט, אַז יעדע זאַך ענטפֿערט, און מעמיילע, אַז עס איז ניטאָ קיין גרענעץ צווישן לעבעדיקן און ניטלעבעדיקן. אַ מענטש רעאַגירט, ווען מען רירט אים אָן, אַ קאַץ רעאַגירט, ווען מע רירט זי אָן, אַ פֿליג רעאַגירט, ווען מען רירט זי אָן, אָבער אויך אַ שטיין רעאַגירט—ווען איך גיב דעם שטיין אַ קייַקל, רירט ער אָן אַ צווייטן קערפּער, אַ דריטן און אַף אַזאַ אויפֿן רעאַגירט ער. טאַקע אַזוי פּרוווט איין מעכאַבער דורכפֿירן אַ געוויסע אייַנהייַט צווישן דעם, ווי אַזוי עס „רעאַגירט" דאָס וואַסער, ווען איך וואַרף אין אים אַריין אַ שטיינדל (עס ווערן רעדער אַפֿן וואַסער) און צווישן דעם, ווי אַזוי עס רעאַגירט אַ וועלכער עס איז לעבעדיקער קערפּער.

אויך דאָ ווערט געמאַכט דער טאָעס, ווען עס ווערט ניט אייַנגעזען, אַז דער מין „רעאַגירן", וועלכער איז דאָ אין דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם, ביז דעם מין „רעאַגירן" פֿון אַ קאָטשערע, ווען זי גיט איבערן קאָפּ, בייס מען רירט זי אָן—אַז צווישן די צוויי סאָרטן „רעאַגירונגען" איז דאָ אַ היפּשע נאַפֿקעמינע.

לאָמיר איצט זען, ווי עס באַשטימט דעם באַגריף „לעבן" ענגעלס. ענגעלס גייט צו צו דער באַשטימונג פֿון לעבן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון שטאָף-אויסטויש. עמעס, עס איז ניטאָ דער קערפּער אַף דער וועלט, וועלכער זאָל זיך ניט געפֿינען אין שטאָף-אויסטויש מיט דער אַרומיקער סוויווע. די נאַפֿקעמינע באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס געוויינטלעך ברענגט דער שטאָף-אויסטויש דערצו, אַז דער געגעבענער קערפּער, ווי אַזאַ, ווערט צופֿאַלן, אין דער צייַט, ווען דער שטאָף-אויסטויש אין אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם ציט דערצו, אַז ער זאָל ווייַטער בלייַבן עקזיסטירן. ווען דער טיש, וועלכער געפֿינט זיך באַ אונדז אין צימער, געפֿינט זיך אין שטאָף-אויסטויש מיט דער אַרומיקער סוויווע, וועט עס ברענגען דערצו, אַז מיט דער צייַט וועט דער טיש צופֿוילט ווערן, צושטויבט ווערן, צופֿאַלן ווערן. ווען מיר ווילן

אײנהײטן דעם טיש וואָס מער, דאַרפֿן מיר שאַפֿן אַזעלכע באַדינגונגען, ער זאָל זיך וואָס װײניקער געפֿינען אין אויסטויש מיט דער אַרומיקער סוויווע. דאַקעגן, אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, ווען איר וועט אים איזאָלירן פֿון דער אַרומיקער סוויווע, וועט עס ברענגען צו אַ זיכערן טויט. בכדי ער זאָל לעבן, מוז ער זיך געפֿינען אין באַציִונגען פֿון שטאָף-אויסטויש מיט אַרומיקע שטאָפֿן און קערפּערס. דער טיש ווערט אַדאַנק דעם שטאָף-אויסטויש כאָרעוו, דער לעבעדיקער אָרגאַניזם—אַדאַנק דעם שטאָף-אויסטויש, גראָד אַדאַנק דעם, וואָס ער ווערט כאָרעוו, באַקומט ער אַ מעגלעכקייט צום ווײַטערדיקן לעבן און עקזיסטענץ. מיר וועלן איצט איבערגעבן ענגעלס געדאַנק אין זײַנע ווערטער:

„לעבן איז אַ מין זײַן פֿון ווײַסלען. און דערדאָזיקער מין זײַן אין דעם וויכטיקסטן טייל באַשטייט אין דער שטענדיקער זעלבסטבאַנײַונג פֿון די כעמישע באַשטאַנד-טײלן פֿון דעמדאָזיקן קערפּער... די אַנדערע און באַוווּסטע לעבעדיקע שטאָפֿן שטעלן פֿאָר פֿון זיך פּאָשעטע שטיקלעך ווײַסל, נאָר זיי פֿאַרמאָגן שוין די אייגנשאַפֿטן פֿון די וויכטיקסטע לעבן-אַנטפּלעקונגען. אין וואָס-זשע באַשטייען דידאָזיקע לעבן-אַנטפּלעקונגען, וועלכע זײַנען אָן אונטערשייד שײַעך צו אַלע לעבעדיקע אָרגאַניזמען? קודעם־כּל אין דעם, וואָס דער ווײַסל-קערפּער נעמט אַרײַן פֿון דער אַרומיקער סוויווע אַנדערע נאָענטע צו אים שטאָפֿן און מאַכט זיי ענלעך צו זיך. אין דערזעלבער צײַט, ווען אַנדערע שטאָפֿן, וואָס זײַנען פֿריִער געווען אַ באַשטאַנד-טייל פֿון דעמדאָזיקן ווײַסל-קערפּער, ווערן אויסגעטיילט אַף דרויסן און ווערן פֿאַנאַנדערגעטיילט. אויך ניט לעבעדיקע קערפּערס ווערן געענדערט. אויך זיי פֿאַלן פֿאַנאַנדער אָדער פֿאַרייניקן זיך איינער מיט דעם צווייטן. אָבער דערבײַ הערן זיי אויף צו זײַן דאָס, וואָס זיי זײַנען שוין געווען. דער פֿעלז, וועלכער ווערט צומאָלן פֿון ווינט, איז שוין מער קיין פֿעלז ניט. דער מעטאַל, וואָס ווערט פֿאַרזויערט (אָקסידירט), איז שוין מער קיין מעטאַל ניט. אָבער דאָס, וואָס אין טויטן קערפּער לאָזט זיך אויס ווי די סיבה פֿון זייער אונטערגאַנג, איז בײַ ווײַסל די הויפּט-מעגלעכקייט פֿון זייער עקזיסטענץ. פֿון דעם מאָמענט, וואָס עס שטעלט זיך אָפּ אָט דידאָזיקע אומופֿהערלעכע פֿאַרוואַנדלונג פֿון די באַשטאַנדטײלן פֿון ווײַסל, פֿון דעם מאָמענט, ווען עס שטעלט זיך אָפּ דער שטענדיקער אומבײַט פֿון שפּײַזן זיך און אויסטיילן, הערט אויף צו עקזיסטירן דער עצם ווײַסל. ער ווערט צעפֿאַלן, דאָס הייסט, ער שטאַרבט. אַף אַזאַ אויפֿן באַשטייט לעבן, דערדאָזיקער מין זײַן פֿון ווײַסל, פֿריִער פֿון אַלץ אין דעם, וואָס אין יעדער געגעבענער ווײַלע איז דער ווײַסל ער און ניט ער, דערזעלביקער און אַן אַנדערער". (ענגעלס, „אַנטי־דיורינג").

אַף אַזאַ אויפֿן זעען מיר, אַז דער לעבעדיקער אָרגאַניזם, ווי אַ באַשטימטע מיסטעם, פֿאַרמאָגט אין זיך אַזאַ געזעצמעסיקייט, וועלכע איז ניטאָ אין אַ וועלכער עס איז אַנדערע מיסטעם, אין וועלכן עס איז אַנדערן קאָמפּלעקס פֿון שטאָפֿן. אַף אַזויפֿיל דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז דער לעבעדיקער קערפּער פֿאַרמאָגט אין זיך אַ געוויסע ספּעציפֿישקייט.

„און דאָס איז ניט קיין רעזולטאַט פֿון אַ וועלכן עס איז פּראָצעס, וואָס ווירקט אַפֿן ווייסל פֿון דרויסן אָט אַזוי, ווי דאָס קען פֿאָרקומען אויך מיט אַ טויטן קערפּער. ניין, לעבנשטאָף-אויסטויש, וואָס קומט פֿאָר אַדאַנק דער מערונג און אויסטיילונג, איז אַ פּראָצעס, וואָס פּראָדוצירט זיך זעלבסט. וואָס איז אייגנשאַפֿטלעך דעם טרעגער פֿון דעמדאָזיקן פּראָצעס, וואָס עקזעסטירט ניט אויסער דעמדאָזיקן טרעגער. און פֿון דעם דרינגט אַרויס, אַז אויב דעם כימיק וועט זיך ווען עס איז אײַנגעבן אַף אַ קינסטלעכן אויפֿן צו שאַפֿן ווײַסל, וועט דערדאָזיקער ווײַסל דאַרפֿן אַרויסווײַזן לעבן-דערשײַנונגען, האַגאַם, אין דער סאַמע שוואַכער מאַדרייגע". (ענגעלס. דאָרט). אָט די אינערלעכקייט (אימאַנענטקייט) פֿון דעמדאָזיקן פּראָצעס באַטײַט ניט, אַז דאָס לעבעדיקע קען באַטראַכט ווערן אָפּגעריסן פֿון דער סוויווע.

פֿאַרקערט, ענגעלס שטרײַכט דאָ אונטער, אַז די אײגנאַרטיקײַט פֿון דעם לעבעדיקן איז דאָס, וואָס ער קען ניט זײַן איזאָלירט פֿון דער סוויווע. שוין אין אים שטעקט די באַריִרונג (שטאָף-אויסטויש) מיט דער סוויווע. דאָס אויסערלעכע איז פֿאַר אים ניט צופֿעליק, ניט אויסערלעך, נאָר שטעקט שוין אין זײַן וועזן. מיר האָבן דאָ די אײנהײַט פֿון דאָס אויסערלעכעס און אינערלעכעס.

אין דער אויבנגעבראַכטער ציטאַטע פֿון ענגעלסן זײַנען געוועזן אײניקע ווערטער, וועלכע קענען פֿאַרברײטערט ווערן אין אַ גאַנצער טעאָריע. דאָס זײַנען געוועזן די ווערטער, אַז בײס דער ווײסל שפּײַזט זיך, מאַכט ער די שטאָפֿן פֿון דער אַרומיקער סוויווע „ענגלעך צו זיך". אינטערעסאַנט, אַז דער אָנגעזועענסטער ביאָלאָג מאַטעריאַליסט פֿון אונדזער צײַט זשאַק ליאָב האָט גראָד דעמדאָזיקן געדאַנק גענומען פֿאַר דעם אויסגאַנגס-פּונקט פֿון זײַן אַנאַליז איבער דער ספּעציפֿישקײַט פֿון לעבן. און האַגאַם, דערזועלבער זשאַק ליאָב האָט זײער שטאַרקע טענדענצן צום מעכאַניזם, דאָך דאַרף מען זאָגן, אַז אין דעמדאָזיקן אָרט האָט ער געגעבן אַ ריכטיקע דערקלערונג. מיר וועלן נעמען זײַן בוך „אָרגאַניזם ווי אַ גאַנצער" קאַפּיטל 2 אונטערן קעפּל „דער ספּעציפֿישער אונטערשייד פֿון דעם לעבעדיקן און דעם טויטן שטאָף און די פֿראַגע וועגן דער אָפּשטאַמונג פֿון לעבן". מיר וועלן דאָ געבן אַ לאַנגע ציטאַטע פֿון דעמדאָזיקן קאַפּיטל.

„יעדער אָרגאַניזם פֿאַרמאָגט אַזאַ פֿאָרם, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אים, און אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל וועט קלאָר באַווייזן ווערן, אַז דידאָזיקע פֿאָרם ווערט אַרויסגערופֿן דורך געוויסע כעמישע שטאָפֿן. דאָסזעלבע איז ריכטיק אויך בענוגײיע קריסטאַלן, בײַ וועלכע עס איז דאָ אַ באַשטימטע פֿאַרבינדונג צווישן דער שטאָף און צווישן דער פֿאָרם. צווישן דעם אָרגאַניזם און קריסטאַל קענען מיר אײַנזעען אויך אַנדערע אַנאַלאָגיעס. קריסטאַלן פֿאַרמאָגן די אײגנשאַפֿט פֿון וואַקסן אין דער געהעריקער צעלײזונג (раствор) און דעגענערירן זײער פֿאָרם, אויב זײ וועלן זיך געפֿינען אונטער אַ וועלכער עס איז מעכאַנישער צושעדיקונג אָדער אַפֿילע, אויב מען זאָל זײ צוברעכן אַף טײלן; מען קען פֿאַרוואָרענען די אויסבילדונג פֿון קריסטאַלן אין אַ איבערגעזעטיקטער צולײזונג אָדער מאַכן פּאַמעלעך דעמדאָזיקן פּראָצעס... אָבער ווי דאָס זאָל ניט זײַן, זײַנען די אַנאַלאָגיעס צווישן דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם און קריסטאַל אויבערפֿלעכלעכע. דער ספּעציפֿישער אונטערשייד צווישן דעם ניטלעבעדיקן און לעבעדיקן שטאָף וועט בעסער פֿאַר אַלץ קלאָר ווערן, אויב מיר וועלן באַטראַכטן די גרינטלעכע אונטערשיידן, וועלכע זײַנען פֿאַראַן צווישן דעם, ווי אַזוי עס בילדעט זיך אויס אַ קריסטאַל, און ווי אַזוי עס בילדן זיך אויס לעבעדיקע אָרגאַניזמען. די קריסטאַלן ווײַזן טאַקע אַרויס דערשײַנונגען פֿון וווּקס, אָבער דאָס איז מענלעך נאָר אין איבערגעזעטיקטער צולײזונג פֿון ד ע מ ז ע ל ב י ק ן שטאָף, פֿון וועלכן דער געגעבענער קריסטאַל באַשטײט. פֿאַר אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם וועט זײַן ריכטיק פּונקט פֿאַרקערט. ביכדיי אַרויסצורופֿן אַ וווּקס פֿון באַקטעריעס אָדער פֿון קעמערלעך פֿון קערפּער איז נויטיק: 1) צו געבן זײ אַלס שפּײַז מאַטעריאַל גראָד ניט די שטאָפֿן, פֿון וועלכע זײ אַלײן באַשטײען, נאָר די פּראָדוקטן פֿון צופֿאַלונג פֿון דידאָזיקע שטאָפֿן. 2) דאַרף די צולײזונג פֿון דידאָזיקע שטאָפֿן זײַן אַ שוואַכע און ניט קײַן איבערגעזעטיקטע, 3) וועט דער וווּקס פֿון די לעבעדיקע אָרגאַניזמען אַרויסרופֿן דאָס טײלן פֿון קעמערלעך, ווי נאָר זײער מאַסע וועט דערגײן צו אַ געוויסער מאַדרײגע. עס איז ניטאָ קײַן יעסאָד צו זאָגן, אַפֿילע מען זאָל זיך אויסדריקן מעליצעאַרטיק, אַז אין די קריסטאַלן קומען פֿאָר פּראָצעסן, ענלעכע צו דער טײלונג פֿון קעמערל".

אַלזאָ, דער קריסטאַל וואַקסט, ווען ער געפֿינט זיך אין אַ סוויווע, וועלכע איז ענלעך צו אים; דער לעבעדיקער קערפּער וואַקסט גראָד דעמלט, ווען ער געפֿינט זיך אין אַ סוויווע, וועלכע איז ניט ענלעך צו אים, נאָר ער מאַכט איר ענלעך צו זיך. דער גרונט אונטערשייד צווישן דעם לעבעדיקן שטאָף און דעם טויטן באַשטײט אַף אַזאַ אויפֿן אין פֿאָלגנ-

דיִקעס: דאָס לעבעדיִקע קעמערל סיִנטעזיִרט קאָמפּליִציִרטע ספּעציִפֿיִשע שטאָפֿן, וועלכע גייען אַרײַן איִן באַשטאַנד פֿון איִר קערפּער פֿון אינדעפֿערענטע, ניִטספּעציִפֿיִשע, פּאָשעטע פֿאַרייניִקונגען פֿון דער אַרומיִקער סוויִווע. וואָס זשע איִז שאַיעך דעם קריִסטאַל, פֿאַרייניִקט ער פּאָשעט צו זיִך די מאָלעקולן, וועלכע געפֿיִנען זיִך איִן דער איִבערגעזעטיִקטער צולייזונג. אָט דיִדאָזיִקע ס יִ נ ט ע ט יִ ש ע פֿ ע יִ ק ײַ ט, וועלכע פֿיִרט צום פֿאַרוואַנדלען ניִט קײַן גרויסע „ציִגל“ איִן קאָמפּליִציִרטע, ספּעציִפֿיִשע פֿאַר יעדן אָרגאַניִזם פֿאַרייניִקונגען—אָט דאָס שטעלט פֿאָר פֿון זיִך די „רעטעניִש פֿון לעבן“, אָדער בעסער גערעדט, איינע פֿון איִרע רעטעניִשן (דאָרטן). „אַף אַזאַ אויפֿן, וועט דאָס שטענדיִקע סיִנטעזירן ספּעציִפֿיִשע—פֿון פּאָשעטע ניִטספּעציִפֿיִשע פֿאַרייניִקונגען, פֿאָרשטעלן מיִט זיִך די הויפּט כאַראַקטעריסטיִק פֿון דעם לעבעדיִקן שטאָף, וועלכער טיילט איִם אָפּ פֿון דעם ניִטלעבעדיִקן (דאָרטן).

פֿאַר אונדז וועט דאָ נאָר שטיין די פֿראַגע—ווי אַזוי און פֿונוואַנען ווערט דיִדאָזיִקע ספּעציִפֿיִשקײַט באַשאַפֿן? דאָ איִז קיינשום ספֿאָעק ניִט, אַז איִן לעצטן סאַכאַקל וועט עס שטאַמען פֿון פֿיזיִש-כעמיִשע דערשײַנונגען, און אַף דעם וועג גייט טאַקע דער אויבנציִטירטער זשאַק ליאָב. פֿאַר איִם איִז עס אַ כעמיִשע אויפֿגאַבע, אָבער דאָס לייקנט ניִט אָפּ איִן דער קלענסטער מאָס אַפֿילע די ספּעציִפֿיִשקײַט פֿון לעבן. מיִר וועלן זאָגן, אַז בלויז אַ געוויִסע באַשטימטע כעמיִשע פֿאַרייניִקונג קען אויסביִלדן, שאַפֿן די אייגנשאַפֿט צו סיִנטעזיִרן פֿון דער אַרומיקער ניִטספּעציִפֿיִשער סוויִווע ספּעציִפֿיִשע שטאָפֿן, ענלעכע צו זיִך אַליין. קלאָר, אַז דיִדאָזיִקע אייגנשאַפֿטן באַזיצן ניִט אַלע כעמיִשע פֿאַרייניִקונגען און נאָר געוויִסע, דאָס הייסט, לעבעדיִקע. אַף אַזאַ אויפֿן, באַקומען מיִר דאָ דעם איִבערגאַנג פֿון צאָל איִן אייכעס. ביִז אַ געוויִסער מאַדרייגע פֿון כעמיִשע פֿאַרייניִקונגען, ביִז אַ געוויִסער מאַדרייגע קאָמפּליִציִרונג פֿון די כעמישע פֿאַרייניִקונגען, וועט דער געגעבענער שטאָף ניִט קענען סיִנטעזיִרן די ניִטענלעכע צו זיִך איִן יאָ ענלעכע צו זיִך. פֿון אַ געוויִסער מאַדרייגע קאָמפּליִציִרונג וועט זיִך דיִדאָזיִקע אייגנשאַפֿט ווײַזן.

ציִ באַטײַט דיִדאָזיִקע ספּעציִפֿיִשקײַט, אַז צוויִשן לעבן און ניִטלעבן איִז דאָ אַ טהאָם? מיִר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַז דאָס וואָלט געווען לעכערלעך. ביִכדיי נאָך בעסער צו דערקלערן אונדזער שטעלונג, לאָמיִר נעמען אַן אַנאַלאָגיע—די באַציונג צוויִשן דעם ביִאָלאָגיִשן און סאָציאַלן עטאַפּ.

דער סאָציאַלער מענטש שטאַמט פֿון דער זאָאָלאָגיִשער כאַיעס-וועלט? נאַטיִרלעך יע. ווער עס לייקנט דעריִן, ווער עס לייקנט איִן דער אָפּשטאַמונג-(גענעטיִשער) קרוויוועשאַפֿט צוויִשן דעם מענטשן מיִט דער כאַיעס-וועלט, יענער שטייט אַף אַ רעליגיעז-מעטאַפֿיזיִשן שטאַנדפּונקט.

אָבער לאָמיִר זאָגן, אַז צוויִשן דעם סאָציאַלן עטאַפּ און ביִאָלאָגיִשן איִז קײַן נאָפּקעמיִנע ניִטאָ? דאָס וועט וויִדער זײַן ניִט ריִכטיִק. דענסטמאָל דאַרפֿן מיִר זאָגן, אַז די זעלביִקע געזעצן, וואָס זײַנען שאַיעך צו דער כאַיע-וועלט, האָבן אַ שליִטע איִן דער סאָציאַלער סוויִווע. אַנדערע מיינען טאַקע אַזוי און טראָגן איִבער מעכאַניִש די געזעצן פֿון ביִאָלאָגיע איִן סאָציאָלאָגיע, דאָס איִז די אַזויגערופֿענע אָרגאַניִשע שול איִן סאָציאָלאָגיע. אָבער וואָס באַקומט זיך דערפֿון, אַז אויך איִן דער סאָציאַלער סוויִווע איִז די טרײַבקראַפֿט פֿון אַנטוויִקלונג, דער געזעץ פֿון נאַטיִרלעכן אָפּקלײַב. עס איִז ניִט אַ מעמיילע קײַן קלאַסן-קאַמף. עס איִז דאָ אַ קאַמף צוויִשן שטאַרקע, פֿעיִקע, געראָטענע, און שוואַכע ניִט קײַן צוגעפּאַסטע. די שטאַרקע זיִגן, די שוואַכע קומען אום. די הערשנדיִקע קלאַסן, דאָס זײַנען די בעריעס, די אונטערדריִקטע—די שליִמאַזלניִקעס. אַקיִצער—עס באַקומט זיך אַ גאַנץ שיינער אויספֿיִר... פֿאַר דער בורזשואַזער וויִסנשאַפֿט איִז אַזאַ ריִכטונג ווי אָנגעמאָסטן.

ווי שטעלן מיִר דאָ די פֿראַגע? מיִר זאָגן—דער מענטש איִז אַ כאַיע וואָס מאַכט געצײַג, ער פֿאַרפֿולקומט ניִט זײַנע נאַטיִרלעכע אייוורים, נאָר קיִנסטלעכע. עס קומט פֿאָר

אַ קאַמף צוויִשן די, וואָס באַזיִצן די „קיִנסטלעכע אייוורים״ (פראָדוקציע-מיִטלען) און צוויִשן די, וואָס באַזיִצן זיי ניִט. ביִז אַ געוויסער צייַט האָט זיִך דער מענטש אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון ביאָלאָגיִשער אַנטוויִקלונג. דערנאָך ווייַזט זיִך אַ נייַער עטאַפּ—דער סאָציאַלער—מיִט נייַע געזעצן: „דאָ ענדיִקט זיִך זאָאָלאָגיע, עס הויבט זיִך אָן סאָציאָלאָגיע״ (פּלעכאַנאָוו).

אַנאַלאָגיִש דערצו איִן דער פראַגע פון לעבעדיִקע און ניִטלעבעדיִקע, איין עטאַפּ פון אַנטוויִקלונג שטאַמט פון דעם צווייטן. ער פאַרמאָגט אָבער זייַן נייַעס, זייַן א יי כ ע ס, וואָס איִז אייגנאַרטיִק נאָר אים.

וועגן דער איִדעאַליסטיִשער ריִכטונג איִן דערדאָזיִקער פראַגע—וויִטאַליִזם—דעם קומענדיִקן מאָל.

א. ר. צווײַג.

# דער דיכטער פֿון צווישן „אָפּגאַנג“ און „אויפֿגאַנג“.

(צום 10-טן יאָרצײַט פֿון אָשער שוואַרצמאַן 1919—1929).

דעם 31-טן אַוגוסט איז געוואָרן 10 יאָר זינט דער דיכטער אָשער שוואַרצמאַן איז אומגעקומען אַפֿן פֿראָנט פֿון בירגערקריג אין יאָר 1919.

אָשער שוואַרמאַן האָט העלדיש פֿאַרענדיקט זײַן לעבנוועג נאָך איידער ער האָט באַוויזן פֿאַנאַנדערצוּוויקלען זײַן דיכטערישן טאַלאַנט. ער האָט אונדז געלאָזן אַ קליינע ירושע—אַ לידער-בוך, וואָס האַלט בעסאַכאַקל 59 לידער. פֿון זיי 22 פֿריע, ניטבאַאַרבעטע און פֿראַגמענטן. אָבער די דאָזיקע קליינינקע ירושע, וואָס שוואַרצמאַן האָט אונדז איבערגעלאָזן, איז זייער אַ ווערטפֿולע און פֿאַרנעמט אַ בעקאָוועדיקן אָרט אין דער געשיכטע פֿון דער נײַסטער יידישער ליטעראַטור. אין איר איז פֿאַרקערפּערט דער פּסיכאָ-אידעאָלאָגישער צושטאַנד פֿון אַ באַשטימטן טייל פֿון דער יידישער פֿאָלק-אינטעליגענץ אין משך פֿון אַ גאַנצן יאָרצענדליק (שוואַרצמאַנס ערשטע רײַפֿע לידער זײַנען שוין פֿון 1909 יאָר). שוואַרצמאַן איז אַ וויכטיקער עטאַפּ אַפֿן אַנטוויקלונג-וועג פֿון דער יידישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ פֿון אָפּגאַנג צו ווידער-אויפֿקום אונטער דער ווירקונג פֿונם אויפֿשטײַג פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַ וויכטיקער עטאַפּ אַף דעם וועג, וואָס איז פֿול געווען מיט אַזויפֿיל ווייטיקדיקע זיגזאַגן. עס ווילט זיך דערײַבער אין טאָג פֿון זײַן גרויסן יאָרצײַט ווידעראַמאָל דורכבלעטערן די ליכטיקע בלעטלעך פֿון זײַן זעלטענער ירושע און אויפֿשטעלן די ווונדערלעכע געשטאַלט פֿונם ערשטן יידישן דיכטער-סאָלדאַט אין באַגינען פֿון אונדזער גרויסער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע.

## 1. אין די טעג פֿון „אָפּגאַנג“.

צווישן „אָפּגאַנג“ און „אויפֿגאַנג“ האָט געלעבט און געשאַפֿן אָשער שוואַרצמאַן, און דער שטעמפּל פֿון ביידע ליגט אַף זײַן דיכטונג. אַ קינד פֿון דער תקופֿה, ווען מענטשן זײַנען אַוועק פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן „אין זיך“, איז אָשער שוואַרצמאַן אין זײַנע יוגנטלעכע לידער (1909—1914) דורך און דורך פּערזענלעך. אין זײַנע לידער פֿון יענער תקופֿה געפֿינען מיר ניט קײַן איין סאָציאַלן מאָטיוו. ער זינגט פֿון ליבע, בענקשאַפֿט, טרוים. און די ליבע איז ניט קײַן ווירקלעכע, ערדישע, נאָר אַ צאַרט-אויסגעכאָלעמטע, אויסגעטרוימטע.

בײַ אַ פֿענצטער אַפֿדערנאַכט,
אַפֿן ברעג פֿון טײַך פֿאַרטראַכט,
צי אין שטילע פּאַרק-אַלייען—
ערגעץ האָב איך דיך געזען...

אוּן דיַין צאַרטער מיידל-טרוים,
וויִ אַ בלויער היִמל-רוים
הענגט פאַר מיִר — — („אַלע ליִדער“ 44).

דיִ שענסטע ליִבע-פערזן זיַינע הויבן זיִך אָן מיִטן טניי-מאָדוס „וואָלט“...

אוּן ס'וואָלט דעם סאָד באַנאַכט דיִ ערד
דערציילט דיִ וויִנטן שטיִלערהייט,
וואָלט איִנדערפריִ געגרוישט דער וואַלד
אוּן ס'וואָלט גערעדט שוין קיִנד און קיים:
זיִ האָט איִם ליִב...
זיִ האָט איִם ליִב... (דאָרטן 33).

דער לעבן-טרוים איִז אַסאַך שענער, וויִ דאָס לעבן גופא, וויִ דיִ גרויע וויִרקלעכקייַט· דער דיִכטער דערציילט אונדז, אַז ער האָט אַמאָל געזען אַ בלויזע שווערד: „אַ גלאַנץ דיִ שאַרף, אַ קלונג דער שפּיִץ“, און נאָך האָט ער געזען—אַ וויַיסן שניי, נאָר וואָס פון הימל. „אַ ווייכע ריינע קלאָרע דעק—אָן איין ריִר און אָן איין פלעק“... אָבער דאָס איִז אַלץ נאָר אַ כאָלעם געווען, און באַלד איִז געקומען דיִ „גראָבע“ וויִרקלעכקייַט און אַנטוישט דעם דיִכטער:

נאָר כ'קוק זיִך צו: אַ שטשערב איִן שווערד,
און—ווײ—איִן שניי אַ פלעק,
אוי טוט מיִר באַנג—
אַ שיינער כאָלעם איִז אַוועק... (ד. 35).

דיִ אויסגעטרוימטע, גרויסע יאָנטעוודיִקע מיִנוטן זיַינען מער ווערט וויִ לאַנגע לעבנס, פולע מיִט וואָך.

אַ שטראַל פון דער זון האָט אַ כוואַליע געקושט
מיִט ליִפּן פון ריינעם גיִנגאָלד;
אַ שפּרונג האָט דיִ כוואַליע געטאָן, וויִ צעמיִשט,
און לעבן שוין מער ניִט געוואָלט (ד. 36).

פאַר דעם קוש פונם זון-שטראַל מיִט זיַינע „ליִפּן פון ריינעם גיִנגאָלד“ איִז קעדייַ דאָס גאַנצע וויַיטערדיִקע לעבן, וואָס וועט שוין געוויִס זיַין פּאָשעט און גרוי, מאַפּקיִר צו זיַין. ניִט לעבן דאַרף מען, נאָר איִבערלעבן. איִבערלעבן גרויסע יאָנטעוודיִקע שפּיִרונגען.

דיִדאָזיִקע טרוימערישקייַט איִז אונדז באַקאָנט. זיִ איִז אַ קאָשער קיִנד פון דער רעאַקציע-טקופע און איִז פאַראַן איִבערגענוג באַ איִר גאַנצן שריַיבער-דאָר, וויִ היינע זאָגט: „ווען עס ווערט טונקעלער איִן קאָפּ—ווערט עס ליכטיִקער איִנם האַרצן“. זיִ איִז פאַרבליִבן באַ שוואַרצמאַנען אויך שפּעטער...

איִן שוואַרצמאַנס דיִכטונג פון יענער טקופע איִז ניִטאָ קייַן זייכער פון דער ספּעציִפיִשער „ייִדיִשקייַט-שמערץ“, אָבער וואָס איִז אַזוי כאַראַקטעריִסטיִש פאַר דעם טיִפּיִשן דיִכטער פון דער רעאַקציע-צייַט, פאַר דאָוויִד איינהאָרענען. שוואַרצמאַן קלאָגט ניִט אַף „גאָלעס-האַשכיִנע“ און באַוויינט ניִט דאָס שטאַרבן פונם לעצטן „באַלטפיִלע“. דער „גרויער זיידע“ „דיִ אַלטע שול“, „דיִ גויסעסדיִקע שאַבעס-ליִכט“ (דיִ באַליִבטסטע סיִמוואָליִשע סובסטאַנטיִוון פון דער איינהאָרנשער דיִכטונג) זיַינען פון שוואַרצמאַנס דיִכטעריִשן לעקסיִקאָן איִנגאַנצן פאַרשווונדן. זיַין לעקסיִק פאַרפלייצט און באַפּריִשט מיִט פריִליִנג-מונטערע עפּיִטעטן; ס'איִז גענוג צו פאַרגלייַכן זיי מיִט איינהאָרנס אייביִקע באַגלייטער: „לעצטער“,

„איינזאַמער", „שטילער", „בלאַסער", קעדיי צו דערפילן די ליכטיקע האָריזאָנטן שוין אין שוואַרצמאַנס פרייִקער שאַפונג.

איינהאָרן איז פאַרליבט אין דער לעוואָנע און נאַכט. שוואַרצמאַן אין דער זון און טאָג.

און ס'איז קלאַל ניט קיין צופאַל, וואָס אין דער דיכטונג פון יענע האַרבסטיקע יאָרן האָבן מיר אינגאַנצן איין ליד, וואָס באַזינגט דעם שטורעם, דעם געוויטער. און דידאָזיקע ליד איז געשאַפן געוואָרן דורך שוואַרצמאַנען. מיט וואָס פאַר אַ יוגנטלעכער אַנטציקונג ער שילדערט דעם שטורעם—

ס'האָט געבליצט אין ווייטע עקן...
ס'האָבן וועלטן זיך געוויזן,
און אין ווייטקייט באַלד פאַרשווונדן... (ד. 38).

און מערקווירדיק: דידאָזיקע נייע וועלטן זיינען ניט בלויז קיין קוואַל פון עסטעטישן פאַרגעניגן פאַר אַן איבערגעזעטיקטן פאָעט, וואָס זוכט אויסעראָרדנטלעכע, אומגעוויינטלעכע לעבן-שפּירונגען... דער שטורעם, די ניי-אַנטפּלעקטע וועלטן רופן דעם דיכטער צו טאַט, צו מייסים—

אינם אופגערעגטן הימל
צו פיל כידעשדיקע וועלטן!
אינם אופגערירטן האַרצן
זוי פיל מוט און טאַט צום לעבן,
אַז ס'האָט מיין בלוט געזאָטן,
און מיין קויעך אין מיר געשטיקט זיך... (ד. 39

אָט דאָ דערפילן מיר שוואַרצמאַנען דעם קומענדיקן סאָציאַל-עטישן דיכטער, וואָס האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער גרויסקייט ערשט שפּעטער אין די יאָרן פון וועלט-מילכאָמע און רעוואָלוציעס.

פון שוואַרצמאַנס דיכטונג אין די „אָפּגאַנג"-יאָרן שטייט אויף פאַר אונדז די געשטאַלט פון אַ פערזענלעכן לירִיקער-טרוימער מיט אַ מאָזשאָרן גרונט-טאָן, מיט ספּעציפיש-יוגנט-לעכע טרויער-שטימונגען. זיין סאָציאַלע נאַטור איז נאָך אינגאַנצן אומקלאָר. קלאָר איז שוין אָבער, אַז מיר האָבן פאַר זיך ניט קיין דיכטער-עסטעט, נאָר, פאַרקערט, אַ דיכטער מיט שאַרף-עטישע כאַראַקטער-שטריכן, מיט טיפער בענקשאַפט נאָך גרויסע טאַטן.

שוואַרצמאַן איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייער דיכטער-יוגנט, וואָס איז געקומען צו פאַרבייטן די איינהאָרנישע אַלטוואַרג. דידאָזיקע יוגנט האָט נאָך געצאָלט צינדז איר אָפּ-שטאַם-טקופע, אָבער זי האָט שוין געטראָגן אין זיך זוימען פון אַ נייער צייט, וואָס אירע טריט האָבן זיך שוין געלאָזט הערן.

אין דער אויבנדערמאָנטער שטורעם-ליד האָט שוואַרצמאַן אַזוי באַשריבן דעם גע-וויטער:

מיטאַמאָל האָבן די בוימער
אָנגעהויבן העכער רוישן;
ס'האָט אַן אויסקוקער אַ ווינטל
אָנגעצויגן, ווי פון ערגעץ
אַ פאַרדאַכטלעכער שאָליעך
אויסצוזען, צי אַלץ איז גרייט שוין
אופנעמען דעם נייעם רעגן.
אָפּטער עפענען זיך פון בליצן

אָנגעהויבן האָט דער הימל;
ס'האָבן וועלטן זיך געוויזן
און אין ווייטקייט באַלד פאַרשוואונדן
און אָט-אָט האָט זיך געפילט שוין—
טוט אַ דונער.

די דאָזיקע ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן אין 1911. אין אייניקע יאָרן אַרום זיינען דעם דיכטערס פאָרגעפילן פאַרווירקלעכט געוואָרן...

## 2. אין די טעג פון דער גרויסער וועלט-קאַטאַסטראָפע.

אין די לידער, וואָס שוואַרצמאַן האָט געשריבן אין פעריאָד פון דער וועלט-מילכאָמע, אַנטפּלעקט זיך ביסלעכווייז זיין סאָציאַלער וועזן, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרהוילן פאַר אונדז. באַזונדערס איז כאַראַקטעריסטיש די ליד „די נאַכט“ („אַלע לידער“ 64). די וועלט-מילכאָמע-פּראָבלעם אין איר גאַנצער סאָציאַלער טיפקייט און ברייטקייט זעען מיר באַם דיכטער ניט. מיר זעען דאָ דעם פילבאַרן אינטעליגענט-פּאָלקיסט, וואָס זיין האַרץ ווייטיקט פאַר דעם שטעטל, וואָס שטייט פאַרפינצטערט און שטום, פאַר דעם כאָרעוון דאָרף מיט די פוסטע שייערן און ניט צעאַקערטע פעלדער. פאַר די סאָלדאַטן, וואָס בענקען צו פאַרלאָזענער היים, און פון זיין האַרצן רייסט זיך אַרויס אַ טפילע:

מיין גאָט, אויב נעווען איז דיין צאָרן אַף זיי,
וועט איצט דיין ראַכמאָנעס ניט זיין נאָך צו שפעט (ד. 64).

שוואַרצמאַנען דעם אינטעליגענט-פאַלקיסט זעען מיר אויך אין זיינע פּריוואַטע בריוו פון יענער גרויזאַמער צייט. אין אַ בריוו פון 21-טן יון 1915 שרייבט ער: „ס'איז ביטער און פינצטער אַרום און אַרום. ס'רוקט זיך ווייטער אָן אַזאַ כמאַרע, אַז ס'איז שווער זיך פאָרשטעלן די פאָלגן פון איר. ס'גייט אַ שטורעמווינט איבער ליטע און פוילן, און אומע-טום לאָזט ער נאָך זיך כורוועס און פוסטקעס. און פריער אָדער שפּעטער, דער אייגענער שטורעמווינט וועט גיין צוריק, און וואָס ס'וועט ניצל ווערן פון זיין ערשטן גאַנג, וועט פאַרניכטעט ווערן באַ זיין צוריקגיין. און דער גרעסטער כיילעק פון לייד און פיין און טיפער באַליידיקונג וועט אויספאַלן פאַר אונדזער לײַדנדן פאָלק. פאַר אונדזערע אומגליק-לעכע שוועסטער און ברידער. און וואָס בין איך, אַז איך זאָל וועלן זיין באַרויקט, אַז מיך זאָל אַרן, אויב מיר וועט אויסקומען וויפל ס'ניט איז צו ליידן“. („אַלע לידער“ ז. 21).

דער הומאַניטאַר-פאָלקיסטישער שטאַנדפּונקט טרעט דאָ אַרויס אין זיין גאַנצער בוילעטקייט. שוואַרצמאַן באַנעמט נאָך ניט די קלאַסאָווע פּרוזשינע פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע. ער שטעלט אַוועק אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק. דעם ראָשע-פאָלק פאַרשילט ער אַף אומקום, און זיין פאָלק דעם צאַדיק, דעם גערעכטן, בענטשט ער מיט אייביקן לעבן אַפּצולאָכעס אַלע סאָנים —

און טרויעריק שטיל וועט דיך בײַגיין מיין פאָלק
ווי צענדליגג פאַרגאַנגענע פעלקער פאַר דיר.
און טראָגנד אַ יאָך פון דיינעם מער שווער
וויטער גיין, ווייטער גיין (ד. 65).

שוואַרצמאַנס ביטערע קלאָלע איז שפּעטער מעקוייעם געוואָרן, אָבער מעקוייעם געוואָרן אַף דעם קלאַס, וואָס האָט אַ וועלט אַ גאַנצע אַריינגעשליידערט אין אַ קאַפּאַקאַל פון איבערמענטשלעכע יעסורים און פּיין...

## 3. אין פֿלאַם פֿון רעװאָלוציעס.

מיט שטורעם און דראַנג איז געקומען דער רעװאָלוציע-גע יִטער און געװעקט „אינם אויפֿגעריכטן האַרצן פֿיל מוט און טאַט צום לעבן". שװאַרצמאַן נעמט אויף דעם רעװאָלוציע-געװיִטער מיט באַגײַסטערונג. מיט אַ באַזונדער קראַפֿט װאַכט אויף דער ז ו ן א ו ן פֿ ר ײ ד - מ אָ ט י ו פֿון זײַן דיכטונג. ער זינגט זײַנע פּאָפּולער-געװאָרענע „יוגנט" (1917) און „פֿרילינג" (1918). די װעלט, די נײַע, נאָר-װאָס געבוירענע װעלט, איז פֿול מיט פֿרייד:

אַף פֿרילינג באַפֿרײַטן
און האַרץ-װײכן הימל
גייט קריע (ד, 42).

ס'שמעקט מיט גרינעם קנאָספּן-קליי.
באַ גרעבליע רוישט אַ פֿרייד-געשריי,
און זון, און װעלט
און איך אין װעלט... (ד. 41).

אַ מערקווירדיקע, אומיטלבאַרע לעבנפֿרייד, װי באַ אַ מענטשן, װאָס איז לאַנגע יאָרן אָפּגעזעסן אין טורמע און אין אַ ליכטיקן פֿרילינג-טאָג איז ער אַרויסגעלאָזן געװאָרן אַף דער פֿרײַ... די אַנטציקונג מיטן לעבן איז אַזוי שטאַרק, אַז דער דיכטער שרייט אויס אין עקסטאַז —

צעקלאַפּ דעם קאָפּ מיר אַף אַ שטיין —
איך דאַרף ניט מיין (ד. 41).

אַזוינע פֿרילינג און יוגנט-לידער קענען געזונגען װערן נאָר אין אויסטערלישע סאָציאַלע פֿרילינגן. זיי זײַנען ניט קיין מאָשל צו דער רעװאָלוציע, װי פּרימיטיװע לייענער װילן אָפּט פֿאַרשטיין, נאָר דער רעװאָלוציאָנערער אויפֿשטײַג, דער רעװאָלוציאָנערער ברויז איז געקומען אין זיי צום אויסדרוק מער. װי אין אַנדערע דירעקט-רעװאָלוציאָנערע לידער. די דאָזיקע לידער שװאַרצמאַנס פֿאַרפֿלייצן און באַפֿרישן אונדז מיט זייערע שײַניקע עפּי-טעטן: לאַכנדיקער טאָג, קלינגענדיקער האַרצן, שפּילנדיקע װעלט, גרינער קנאָספּן-קליי, פֿלאַפּלענדיקע שטראָמען, באַנײַטער טאָג, בלויער װאָלקן, גאָלדענע פֿערד, באַגילטע סטעפּעס א.א.װ. א.א.װ. און מונטערן, און װעקן לוסט און ענערגיע.

אָבער אויך דער סאָציאַל-עטישער עלעמענט, װאָס מיר האָבן באַמערקט באַ שװאַרצ-מאַנען נאָך אינם ערשטן פּעריאָד און װעלכער האָט דערװאַכט צו אַקטיװער טעטיקײַט ערשט אין די שװערע יאָרן פֿון דער װעלט-מילכאָמע, באַקומט ז ײַ ן װ ײַ ט ע ר ד י ק ן ט י ק ן אין פֿלאַם פֿון רעװאָלוציעס. שװאַרצמאַן נעמט אויף די אָקטיאַבער-רעװאָלוציע ניט װי אַן עסטעט, װאָס האָט גרויס „האַנאָע", װען „אַף װײַטע געגנטן צעפֿלאַקערן זיך סריי-פֿעס". דער דיכטער איז טיף דורכגעדרונגען מיטן שעפֿערישן סאָציאַל-עטישן זין פֿון דער װעלט-איבערקערעניש.

פֿון הײַזער אָרעמע, פֿון שטיקנדע װאַרשטאַטן,
פֿון לאַנגע װאָגל-נעכט, פֿון הונגעריקע טעג
געקומען זײַנט איר, ברידער מײַנע פֿילע,
צו װײַזן
דעם פּרײַז פֿון שטילער מי,
דעם װיי פֿון אײַער לײַב,
דעם אויסגעשריי פֿון דורעס און פֿון צײַטן.
ס'זידט אויף דאָס בלוט פֿון מענגעס מײַנע ברידער,
מיט האַנט צו האַנט און קאָפּ צו קאָפּ געשאָכטענע
אַף שלאַכטפֿעלדער פֿון קײַלעכדיקער ערד. (ד. 71-72).

שוואַרצמאַנס הומאַניִטאַרער פֿאָלקיִזם באַקומט דאָ אַ קלאַסאָוון איִנהאַלט, און דיִ ברידער זײַנען שוין ניִט בלויז זײַנע נאַציאָנאַלע ברידער און שוועסטער, „נאָר אַלע דערניִדעריִקטע און באַליידיִקטע“ פֿון גאָר דער וועלט, וואָס דיִ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע טראָגט זיי די פֿאָן פֿון געולה און באַפֿרײַונג.

שוואַרצמאַן איִז ניִט קײַן עסטעט פֿון דער רעוואָלוציע, דער דיִכטער ווייס גאַנץ גוט, אַז „ניִט קײַן יאָנטעוו האָט באַלײַכט איִנמיטן נאַכט די האָריִזאָנטן“. ניִט צו עסטעטעווען רופֿט דער גרויסער שטורעם, נאָר צו העלדיִשע מײַסיִם. „ס'וועט צאַרטער מענטשן-לײַב נאָך ציִטערן איִן אַ געמיִש פֿון בלוט און קויט“, „עמעך וויִל דעם פײַן, און עמעך וויִל דאָס בלוט“, מע דאַרף דעריִבער קאַלטבלוטיִק און מיִט אַ שאַרף אויג שטיין אַף דער וואַך —

מיִט ביִקס איִן האַנט,
מיִט וואַרעם בלוט איִן האַרצן
פֿאַרטאַיע איִך זיִך איִצט
און לאָקער נאָך דעם סוינע. (ד. 72).

אָבער אויך איִן אָט דער פֿאַזע פֿון שוואַרצמאַנס אַנטוויִקלונג טרעט אַרויס בוילעט זײַן איִנטעליִגענטיִש-פֿאָלקיִסטיִשער וועזן. דיִ מוירדיִם (אויפֿשטענדלער), וואָס איִן איין ליִד שלענגלען זיי זיִך בײַ טונקעלער זײַט פֿון ברענענדיִקע דערפֿער „מיִט ביִקס איִן האַנט, מיִט וואַרעם בלוט איִן האַרצן“, גייען איִן אַן אַנדער ליִד „קיִטעסווײַז, וויִ סטאַדעס יונגע היִרשן, גייען קייטנווײַז, וויִ רייען פֿון מאַלאָכיִם“ (ד. 73). און דיִ געשטאַלט פֿון זײַן לײַדנדן ברודער מאָלט ער אַזוי:

אַ זון-באַשײַנטער ריִז האָט ער זיִך אויפֿגעשטעלט
מיִט אויסגעשפרייטער האַנט אַף גאָרער וועלט...
אַ גרויס בלוי שווײַגן איִז אַ ציִנד זײַן הייכל
און ס'איִז זײַן זונענבליִק פֿאַר אַלעס מויכל... (ד. 75).

מוירדיִם, וויִ „סטאַדעס יונגע היִרשן“, וויִ „רייען פֿון מאַלאָכיִם“, דער לײַדנדיקער אויפֿגעשטאַנענער ברודער, וויִ „אַ זון-באַשײַנטער ריז“, וואָס איז אַלץ און אַלעמען מויכל, — אַזוינע געשטאַלטן האָבן געקענט אויפֿקומען בלויז איִן דער דיכטערישער לאַבאָראַטאָריע פֿון אַ פּאַציפֿיסטיש-געשטימטן פֿאָלק-אינטעליגענט... *)

## 4. אונטער לאַסט פֿון פּלאָגן.

דער סאָציאַלער וועזן שוואַרצמאַנס איז אָבער באַזונדער בוילעט אַנטפּלעקט געוואָרן, ווען דיִ אָקטיאַבר-רעוואָלוציע האָט מיט זיך אומפֿאַרמײַדלעך געבראַכט אויך דיִ טעג פֿון פּלאָגן. די טעג פֿון אָנראַכמאָנעסדיקן ביִרגערקריִג, פּאָגראָמען, ווען ס'איִז אָנגעקומען דאָס שוידערלעכע 1919. דעמלט שטעלן זיִך איִם שוין פֿאָר דיִ געשעעניִשן, וויִ אַ שטורעם-נאַכט אַפֿן יאַם —

און איך זע אַ מאַכנע שיידיִם
איִן דער טהוימיִם-שפּיִלערײַ
שלעפּט אַרום אַ שוואַרצן קאַסטן
מיִט אַ וויִלד געפּיִלדערײַ.
און פֿון קאַסטן שפּריִצן קוילעס,
און אַ ביטער וויי-געשריי,
גלײַך אַ וועלט איִז דאָרט פֿאַרשלאָסן
מיט איר גאַנצן ווונד און וויי. (ד. 67).

*) זע אויך דיִ ליד „פֿון דער הויך“ (ז. 70), וו דער דיִכטער איִז אַלעמען מויכל, אַפֿיִלע דיִ „בלינדע און בייזע“.

און קײַן אויסוועג זעט דעמלט דער דיכטער ניט. גרויס „איז דער קלאָג פון מענטשן-פּײַן", אָבער קײַן רעטונג איז ניטאָ. דער דיכטער פאַלט אַרונטער אונטער דער אַרומיקער לאַסט פון פּלאָגן, ער ווערט יירמעיאָהודיק געשטימט און וויל אַנטלויפן אין מדבר.

אין טריבן מענטשן-לאַנד,
פאַר דעם, וואָס פאַלט שוין אונטער לאַסט פון פּלאָגן,
וואָס קאָן איך זאָגן? (ד. 76).

ער וועט זיך ווענדן צו דער וויסטעניש, דאָרט וועט ער וואָינען אין אַ הייל און זיך כאַווערן מיט ווירבל-ווינט און מדבר-זאַמד—

און כ'וועל אין לאַנד
צוריק ניט קערן
ביזוואַנען
איך וועל דאָס אויסלייזוואָרט דאָס פולע ניט דערהערן. (ד. 76).

אַווילעס און פּאַסיווע דערוואַרטונג אַף דאָס אויסלייזוואָרט—אָט דאָס איז דער אויס-וועג. און וואָס פאַר אַן אויסלייזוואָרט וועט עס זײַן, און פון וואָסער זײַט וועט עס קו-מען—דאָס איז פאַרן דיכטער פאַרנעפּלט... דעמלט באַפאַלט אויך דעם דיכטער אַ רעצידיוו פון זײַן אַמאָליקער טרוימערישקײַט, אינדיווידואַליזם. ווידער וואַכן אויף „נאָמענלאָזע צילן", „בלאָנדזשענדיקע געפילן" (ד. 58 *) און אַמאָל פאַרבענקט ער זיך גאַר נאָך קלאָרער, דורכזיכטיקער רו.

ווי שאַבעס-מאַלאָכים אַף זײַד-בלויע הימלען
אַזוי קומט די רו אין מײַן האַרצן... (ד. 50).

און דעמלט טרוימט דער דיכטער וועגן אַ רו-לאַנד, אַ רו-לאַנד דאָרט אַף יענער זײַט סאַמבאַטיען, וואָס טוט און וואַרפט אַ גאַנצע וואָך שטיינער. ער טרוימט וועגן אַ שטיל-געוואָרענעם סאַמבאַטיען—

ס'איז אַ הירש שוין געקומען צו טרינקען פון טײַך
ס'איז דאָס וואַסער אַ לויטער-קרישטאָלענע דעק...
מיט אַ צווייענדיק-ליכטיקער זעלע טרוים איך
פון אַ לאַנד דאָרט אַף יענעם באַגילדעטן ברעג... (ד. 43).

אָבער דערדאָזיקער טרוים וועגן רו אין דער צײַט, ווען דער סאַמבאַטיען דאַרף און מוז נאָך וואַרפן שטיינער, מוז ברענגען צו אַ טיפער אנטוישונג. דעמלט פאַרבײַט דעמ-דאָזיקן טרוים דער אָפגרונטלאָזער אומעט, וואָס אַלעמאָל, דערציילט שוואַרצמאַן, קומט ער צו אים בלויז ווי אַ גאַנעוו, נאָר הײַנט—

נאָר הײַנט איז ער מיט מיר
דורך אופגעמאַכטער טיר
געקומען ווי אַ גאַסט, פאַרבעטן אַף אַ סודע. (ד. 54).

און מיט זײַן באַזונדערער, שוואַרצמאַנישער אופריכטיקײַט דעקט אונדז אויף דער דיכטער דעם סאָד פון זײַן אומעט—

ער גייט פון קינד, וואָס איז פאַרטריבן
ווען פאָטער איז מיט פרוי אין הייל פאַרבליבן,
אַף וועגן איינזאַמע דעריאָגט ער מיך אַצינד
און לייגט זיך אַף מײַן האַרץ,
ווי טונקלער ווינטער-טאָג אַף שווײַגנדיקע פעלדער. (ד. 54).

*) זע אויך זײַן ביאַליקישן אין האַרבסטיקן אָוונט (ד. 52), אָנגעשריבן אין 1918.

דער דיכטער איז אופריכטיק, און ער אנטבלויזט פאר אונדז זײַן בלוטנדיק הארץ ביזן סאף, דאס הארץ פונם הומאניטארן אינטעליגענט-פאלקיסט, וואס האט פײַנפול גע-ווייטיקט מיט די איבערמענטשלעכע יעסורים און פײַן פון דער יידישער פאלק-מאסע אין גרויזאמען 1919. דער דיכטער איז ניט בײַגעשטאנען דעם שווערן ניסאיען פון דער שרעק-לעכער פאלק-קאטאסטראפע (וואס קיינער, אגעוו, פון די ערשטע נאכאקטיאבערשע דיכטער איז ניט בײַגעשטאנען). ער איז אַרײַנגעפאלן אין ייעש-שטימונגען—

איך לאז זיך שטיל אראפ צום שטאם פון מײַנע לײַדן
און ווייס ניט צי איז מײַן לייד אף וואגשאל פון די וועלטן. (ד. 54).

די ליידן זײַנען גרויס. און קײַן באַרעכטיקונג זעט דער דיכטער אויך ניט (קושני-ראוו האט שפעטער יא דערזען די באַרעכטיקונג). מיט עלנט, צאר און טויט יאגט פון אלע וועלטן-ווינקלען...

## 5. פון אופריכטיקן וואָרט צום אופריכטיקן טאט.

אט די אלע זיגזאגן-שטימונגען זײַנען אומפארמײַדלעך געווען פאר א דיכטער מיט אן אויסגעשפראכענער אינטעליגענטיש-פאלקיסטישער פסיכא-אידעאלאגיע *). דעמדאזיקן פסיכישן זיגזאגן-צושטאנד גיט איבער שווארצמאן אליין אין זײַן ליד „ווי זומער ס'פעלד“ (1918 ד. 49), ווו דער דיכטער דערציילט, אז זײַן הארץ איז אמאל אזוי שטיל, ווי דאס פעלד זומער נאך האלבן טאג, און אמאל פלאטערט עס—

ווי די טויב, וואס פליט ארויס
פון טורעם שפיץ אף הימל-שויס.

און אפט גייט אריבער דאס טויבן-פלאטערן אין א שטורעם—

ווי דער יאם אין מיט פון נאכט,
און ווי די בייזע שפיל פון שלאכט,
איז אויך מײַן הארץ...

אבער דער סאציאל-עטישער כוש איז בא שווארצמאנען שוין געווען שארף אנט-וויקלט, און ער לאזט אים ניט פארוואנדלט ווערן אין א פאסיוון צושויער פון די געשע-ענישן. ווען עס שלאגט די גרויסע קריטישע שא, און „די שווארצע מוטערנאכט צעריסן ווערט פון וויי: דער סוינע בא די טויערן!“, ווייס דער דיכטער ווידעראמאל, אז ס'איז א צײַט ניט פון הילפלאזיקן כניקען, נאר פון מעסירעסנעפעשדיקן טאט—

אף גיך צום פערד
די האנט שטאל אן,
ס'איז איצט דער שווערד,
די שפיז—א פאן—
דער סוינע בא די טויערן! (ד. 77).

דידאזיקע ליד האט שווארצמאן געשאפן אינם זעלביקן 1919, ווען ער האט אויך גע-שאפן זײַן פינצטערע, ייעש-פולע ליד „אומעס“.

*) שווארצמאנס פאלקיזם ווערט באזונדערס בולעט, ווען מע פארגלײַכט אים מיט האפשטיינען, וואס האט אינם ערשטן פעריאד פון זײַן שאפן אויסגעדריקט די נאציאנאל-יידישיסטישע וועלט-אנשויונג פון א גרויסן טייל פון דער יידישער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענץ אין פעריאד פון דער רעוואלוציע. שווארצמאן לעבעדיק איבער. אויב מע קען זיך אזוי אויסדריקן, „יידן-שמערץ“ און ניט קײַן „יידישקײַט-שמערץ“. שווארצמאנס פאלקיזם זעען מיר בולעט אויסגעדריקט אין דעם ליד „כ'האב גזען אײַך אין מארק“ (ד. 51), ווו דער דיכטער ערטער דירעקט וועגן זײַן סאציאלער באזע.

און שוואַרצמאַן איז געווען פֿון די מענטשן, וואָס זייער לעבן און זייער דיכטונג דאַרפֿן זײַן צוזאַמענגעגאָסן. נאָכן וואָרט דאַרף קומען דער טאַט. אויב רעוואָלוציע, אויב קאַמף—איז ניט נאָר אין דיכטונג, נאָר אויך אין מעשׂים. אין דעמזעלביקן 1919 באַשליסט שוואַרצמאַן אַרײַנטרעטן אין דער רויטער אַרמיי. איינער פֿון זײַנע יוגנט-באַקאַנטע דער-ציילט וועגן דעם אַזוי:

ווען טיילן פֿון די יידישע פּאַרטייען זײַנען באָלשעוויסטיש געוואָרן, האָט אָשער געטײַנעט איינס: זײַט איר באָלשעוויקעס, גייט אין דער רויטער אַרמיי. ער אַליין האָט זיך די גאַנצע צײַט געריסן אַהין. איך געדענק, ווי איינמאָל נאָך אַ לאַנגן שמועס וועגן דעם, אַז די רויטע אַרמיי מוז זײַן באַזאָרגט מיט אַ רויטן „טיל“—איז אָשער פּלוצלונג אויפֿגעשפּרונגען: „נו, גענוג, ביסט גערעכט, וועט איר דאָס דאָ טאָן, און איך קאָן ניט, ס'איז דאָ ענג, וואָכעדיק“... אַף מאָרגן איז ער געקומען אַ שטראַלנדיקער מיט אַ פּאַפּירל אין האַנט. דאָס פּאַפּירל האָט באַטײַט, אַז ער איז אַרײַנגעטראָטן פֿרײַוויליק אין דער רויטער אַרמיי“ („ביאָגראַפֿישער אַרײַנפֿיר צו אַלע לידער“ ז. 26).

אָשער שוואַרצמאַן איז אויפֿריכטיק געווען ניט נאָר אין זײַן דיכטערישן וואָרט, נאָר אויך אין זײַן רעוואָלוציאָנערן טאַט. זײַן אָפּערגרייטקײַט מאַכט נאָך שאַרפֿער אַ קליינינקע דעטאַל, וואָס זײַן ביאָגראַף גיט צו: „אָשערס אַוועקגיין אין דער רויטער אַרמיי איז צו-נויפֿגעפֿאַלן מיט אַן אַנדער וויכטיקן מאָמענט אין זײַן לעבן: זײַן נאָענטער באַקאַנטשאַפֿט מיט פֿרײַלן אַדעל מאַרמאָר, וועלכע איז דאַן זײַן פֿרוי געוואָרן (ד. 26).

דעם 31-טן אַווגוסט 1919 איז אָשער שוואַרצמאַן געהאַרגעט געוואָרן אין אַ צוזאַ-מענשטויס מיט אַ פּוילישער מיליטער-גרופּע לעבן דעם שטעטעלע סאַרני.

זײַן קייווער איז אומבאַוווּסט, אָבער זײַן מעסירעסנעפֿעשדיקער טאַט—איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ליכטיקער לעגענדע.

## 6. די קוואַלן פֿון שוואָרצמאַנס בילדער־ און סטיל־סיסטעם.

שוואַרצמאַנס בילדער- און סטיל-סיסטעם ציט איר יעניקע פֿון צוויי הויפּט-קוואַלן: פֿון דער היסטאָרישער אָדער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע און פֿון דער נאַטור.

דאָס טראַדיציאָנעל-היסטאָרישע בילד איז בײַ שוואַרצמאַנען זייער פֿאַרשפּרייט. ווען ער זינגט פֿון מאַסן-אויפֿלעבונג, באַנוצט ער דאָס ביבלישע בילד פֿון די „אַצאָמעס-האַעווי-שעס“—

דעם נאָווים וואָרט האָט אויפֿגעהויבן זיי
פֿון גריבער און פֿון זומפּן.
פֿון קוואָרים אָרעמע
אַף באַרג און טאָל פֿון לענדער פֿיל—
שטייט אוף אַ כאַיל גרויס מיט לויב און מיט געזאַנג. (ד. 73).

אין דערזעלביקער ליד: די שניטער, וואָס קערן אום מיט פֿרייד—

און ווער מיט טרערן האָט געזייט דאָס פֿעלד פֿון טויט,
דער קערט מיט פֿרייד צום שניט צום נײַעם...

און ווען ער איז, פֿאַרקערט, אונטערן לאַסט פֿון פּלאָגן, קומט בײַ אים אוף די לײַדני-דיקע ביבלישע ירמעיאָהו-געשטאַלט (ד. 76), וואָס קילט מיט אַש דעם ווי פֿון זײַנע לײַדן און גייט אַוועק אין דער וויסטעניש...

טראַדיציאָנעל-היסטאָריש אָדער טראַדיציאָנעל-פאָלקסטימלעך זיַינען אויך: סאַמבאַטיען דער טיַיך, וואָס וואַרפט לויט דער לעגענדע אַ גאַנצע וואָך שטיינער, און ווי עס קומט דער שאַבעס ווערט ער רויִק (ד. 43), די שאַבעס-מאַלאָכים אַף זיַיד-בלויע הימלען (ד. 50), דער ריז מיט דער אויסגעשפּרייטער האַנט אַף גאָרער וועלט (ד. 75) דאָס אויפגעזאָדענע ברודער-בלוט (ד. 72), די וואָגשאָל פון וועלטן (ד. 54), די וועלט, וואָס פאַרן כאַלעף האָט אַ טפילע אַף די ליפּן (ד. 55), די בלוי-געבונדענע קאָרבאָנעס (ד. 54), די שטילע שאָף (ד. 55), דער פאַרראַכטלעכער שאָליעך (ד. 39), די זיַילן פון דער וועלט (ד. 55), די רויט-פליושענע כופּע (ד. 47), דער שוואַרצער אָדלער (ד. 58), די מאַכנע שיידים (ד. 67), דער בלינדער, וואָס טאַפּט מיטן שטעקן (ד. 66), די בלוילעך-וויַיסע קאַלע (ד. 74), דער סוינע באַ די טויערן (ד. 77), דער גאַסט פאַרבעטן אַף אַ סודע (ד. 54). מע וואָלט געקענט ברענגען ביַישפּילן נאָך און נאָך.

אַהער געהערן אויך די אַרכאַיִזמען אין סטיל, וואָס זיַינען פאַראַן באַ שוואַרצמאַנען אין אַ גרויסער צאָל: ליכטיק-שטראַלנדע מאַלאָכים, מיט אַ פריַיער לעבנסשירע, ס'טאַנצט די ערד—די הימלען שאַלן, אַ כאַיל גרויס מיט לויב און מיט געזאַנג, צום ליד, וואָס טוט שוין שאַלן, לאַסט פון פלאָגן, לויטער-זעליק, ערעפורכט און נאָך, און נאָך. פון דער אַנדער זיַיט מיַידט שוואַרצמאַן אויך ניט אויס דעם פאָלקסטימלעכן סלאַוויזם: פערפקע, שטשערב, ברויט-סטירטעס, פאַרטיַיע א. אַנד.

טראַדיציאָנעל-היסטאָריש איז אויך די באַ שוואַרצמאַנען פאַרשפּרייטע היפּערבל-פאָרם (זע ז. 32, 33, 36, 41 א. אַנד.), די נ אָ ך  מ ע ר באַ אים פאַרשפּרייטע העברעישע ס מ י כ ע ס-פ אָ ר ם (צונויפזאַץ-פאָרם), די האַשפּאָע פון דער העברעישער דיכטונג ביכלאַל און פון ביאַליקן ביפּראַט, וואָס מערקט זיך אָן אין פיל פון שוואַרצמאַנס לידער. מיר באַגעגענען באַ אים אויך די טראַדיציאָנעלע פאָרם פון דער פאָלקליד (זע „ווען מיר זיַינען ביידע געוואָרן צעשיידט" (ד. 46), די טפילע-פאָרם (ד. 44, 52, 64).

ניט קיין קלענערע ראָל שפּילט אָבער באַ שוואַרצמאַנען אויך דער צווייטער קוואַל פון זיַין בילדער-און סטיל-סיסטעם—די נאַטור. אָשער שוואַרצמאַן, ווי קימאַט אַלע אוקראַיִניש-ייִדישע דיכטער פונם נאָכאָקטיאַבר-פּעריאָד, שטאַמען פון אַ סאָציאַלן שיכט, וואָס איז געווען נאָענט צום דאָרף, צו דער נאַטור. ווי זיַין ביאָגראַף דערציילט, איז שוואַרצמאַנס טאַטע לעבאַסטכילע געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ ווייץ-מיל, און דערנאָך איז ער שוין קאָל-יאַמאָו געווען אַ וואַלד-מענטש. די מישפּאָכע האָט געלעבט אַ וואַנדער-לעבן, אַריבערפאָרנדיק פון איין וואַלד צום אַנדערן. דידאָזיקע נאָענטקיַיט צו דער נאַטור האָט אַרופּגעלייגט איר שטעמפּל אַף שוואַרצמאַנס דיכטונג, פּונקט, ווי די אָרטאָדאָקסאַלע דערציִונג, וואָס ער האָט באַקומען, און די נאָענטקיַיט צו דער העברעישער קולטור און אירע טרעגער (זע „אַלע לידער" ז. 10) האָבן אים אַריַינגעפירט אין דער טראַדיציאָנעל-היסטאָרישער בילדער- און סטיל-וועלט. דער דיכטער אַליין דערציילט אונדז וועגן דער וווּנדערלעכער ווירקונג, וואָס די אַרומיקע שיינע אוקראַיִנישע נאַטור האָט אַף אים געהאַט.

נאָך קינדערוויַיז שוין לאַנג בין איך אַמאָל  
אַרויס פון שטוב אין וווּנדערלעכן דרויסן,  
דערהערט האָב איך אַף סטעפּעס זיַיד-געראַוישן,  
דער לאַכנדיקער טאָג געקלונגען האָט ווי שטאָל.  
גאָטס גאַנצע וועלט האָט זיך געפרייט...  
מיט זון, מיט טווע-פעלד, מיט לאָנקע.  
און ס'איז צו שווער געווען מיַין פריירן-לייד,  
און ס'האָט זיך פון מיַין קלינגנדיקן האַרצן  
מיַין ערשט געזאַנג אַף וועלט פאַרשפּרייט. (ד. 40).

אַ מערקווירדיק אינטימע באַציִונג הערשט צווישן אים מיט דער נאַטור. זי דערוועקט אין זײַן האַרצן אַ בענקשאַפֿט צו „אומקלאָר-ווייכע וויִטקײַטן". און דעם דיכטערס האַרץ ווידער, וואָס ווערט „פֿול און זאַפֿט-באַשווערט", באַרײַכערט מיט טראָפּנס ווי „די פֿרוכט-באַר-שטילע פֿרילינג-נאַכט" (ד. 48). זיי דערהויבן איינע די אַנדערע, די נאַטור און דער דיכטער.

שוואַרצמאַן האָט זייער ליב צו שילדערן די נאַטור, דאָס דאָרף. (זע ז.ז. 31, 37, 40, 42, 43, 47, 53, 62). פֿון דאָרטן שעפּט דער דיכטער זײַן אויסטערלישע פֿאַרגלײַכן-שעפֿע. די יוגנט איז געגליכן צו אַ שפּילנדיקער וועל, צו בעריאָזע-זאַפֿט אין פֿרילינג-צײַט (ד. 41). די וואָלקנס, וואָס שוועבן אַף פֿרילינגדיקן הימל—צו קריע (ד. 42). די אומרייניע פֿרילינג-שטראָמען, וואָס נישטערן די פֿײַכט-שוואַרצע ערד—צו בלינדע הינטלעך (ד. 42). זײַן האָרץ פֿאַרגלײַכט דער דיכטער מיטן זומער-פֿעלד נאָך האַלבן טאָג, מיט אַ טויב, מיטן יאָם... (ד. 49), מיט צעאַקערט-פֿרישע ערד (ד. 48), מיט אַ וואָרצל אין ערד אין פֿאַרפֿרי-טער (ד. 66), מיט אַ קוואַל (ד. 44). דער וואַלד באַנאַכט זעט אויס, ווי אַ כאַיעס ריזי-געשטאַלט, דער הימל—ווי אַ זילבער-אָזערע אין וואָלקן-ברעגעס אײַנגעפֿאַסט (ד. 48). דער אומעט לייגט זיך אַפֿן דיכטערס האַרץ, ווי טונקעלער ווינטער-טאָג אַף שווײַגנדיקע פֿעל-דער (ד. 54), די נישט אויסגעלעבטע טעג שטייען אויף, ווי צייכנס אַף אַן אַלטן וועג (ד. 55), דער טויט וועט זיך גענעען, ווי אַ שטילע שאָף צו רוען אַף באַנאַכט (ד.), די ערדישע קראַפֿט פֿונם אַכזאָרישן פֿאָלק וועט אויסגיין, ווי ס׳פֿײַכקײַט פֿון קלייד טריקנט אויס קעגן ווינט, און פֿון פֿעלקער וועט עס אַרויס אויסגעפּרעסט, ווי אַ פֿרוכט אָן איר זאַפֿט (ד. 65). דער קלאָג פֿון זײַן פּײַן פֿאַרגייט אומבאַהאָלפֿן, „ווי ס׳ברומען פֿון ווינטן אַף פֿעלדער פֿאַרשנייטע, ווי ס׳וועלפּישע היילן אין וועלדער פֿאַרווייטע (ד. 66). דער בליק ווערט קאַלט, ווי גרויער טאָג פֿון עסקימאָסן אין שנעיק-ווילדן לאַנד (ד. 72) א. אַנד.

דיזאָזיקע קוואַלן פֿון שוואַרצמאַנס פּאָעטיק זײַנען אין אַ זעלטענעם אײַנקלאַנג מיטן אינטעליגענטישן הומאַניטאַר-פֿאָלקיסטישן אינהאַלט פֿון זײַנע לידער און מיט דעם דער-קלערט זיך די גרויסע שליימעס און פֿאַרגאַנצטקײַט פֿון די רײַפֿערע לידער פֿון דעם העל-דיש-אומגעקומענעם דיכטער: ער איז געקומען אין דער ליטעראַטור מיט זײַן געפֿילן-דאָמינאַנט און מיט זײַן סטיל-דאָמינאַנט, די געפֿילן- און סטיל-דאָמינאַנטן פֿונם געזונטן יידישן פֿאָלק-אינטעליגענט, וואָס האָט מיט אַנגסטן און ווייטיקן איבערגעלעבט דעם באָלשעוויסטישן ווידערגעבורט אין די טעג פֿון רעוואָלוציע און בירגער-קריג.

* * *

צען יאָר זײַנען אַוועק פֿון אָשער שוואַרצמאַנס טויט. אונדזער דיכטונג האָט פֿון יענער צײַט אַדורכגעמאַכט אַ קאָלאָסאַלן וועג. אירע טעמאַטישע און פֿאָרמעלע דערגרייכו-גען זײַנען מעכטיק אויסגעוואַקסן. דער נאָכאָקטיאַבערישער פּיִרעק איז דער גלענצנסטער אין דער געשיכטע פֿון אונדזער דיכטונג. אָבער דערדאָזיקער וווּקס האָט שוואַרצמאַנס נאָ-מען ניט פֿאַרשאָטנט. שוואַרצמאַן האָט אין דעמדאָזיקן פּיִרעק אַ העל-ליכטיק בלעטל אָנגע-שריבן, וואָס וועט בלײַבן לעדוירעס, ווי די ערשטע פֿרייד- און צאַר-פֿולע כעוולע-ליידע-געשרייען פֿון אונדזער סאָציאַליסטישן ווידערגעבורט און נײַעם קאַמף-לוסטיקן זײַן.

כ. דונעץ.

# צוויי רעצענזיעס.

## I. לידער פֿון אַן אײנזאַמען.

### וועגן ל. רעזניקס זאַמלונג „היים“.

איִן אונדזער ליִטעראַטור איִז פֿאַר דער לעצטער צײַט געוואָרן אַ מאָדע זאַמלען: ווער עס פֿאַרמאָגט וואָס ערגעצוו צעוואָרפֿן איִבער בּיִכער און זשורנאַלן, קלײַבּט עס זאָרגפֿעלטיִק צונויף און מאַכט אַ כיִבּער. איִז עס גוט... אָבּער ניִט פֿאַר אַלעמען, ווײַל ניִט יעדערער באַקומט דערבּײַ דעם גיִנסטיקן רעזולטאַט. עס איִז גוט „זאַמלען“, ווען דורך אַזאַ קאָנצענטראַציע באַקומט זיִך אַ באַשטיִמטער קוואַליִטעט, אַ קוואַליִטעט מיִט אַ צייכן פּליוס. לײַדער קען דאָס ניִט געזאָגט ווערן וועגן ל. רעזניִקס זאַמלונג „היים“.

דאָס בּיִכל לידער ל. רעזניִקס—140 זײַטלעך—כאַפּט אַרום אַ פּעריאָד 1918—1928. צען-עלף יאָר, דאָס איִז אַ היִפּשע צײַט, און נאָך וואָס פֿאַר אַ צײַט! איִז אָט בּלעטערסטו דורך דעם בּיִכל דיִכטונג און שטעלסט זיִך די פֿראַגע: וואָס איִז מיִטן שרײַבּער פֿאַר די דראָזיִקע יאָרן פֿון „שטורעם און דראַנג“ פֿאַרלאָפֿן? צום גרויס באַדויערן, מוזטו קומען צום אויספֿיִר, אַז... בּעגאַפּע יאָווע בּעגאַפּע יעיִצע, אָדער—ווי זאָגט מען דאָרטן—גאָרניִט ניִט געלערנט און גאָרניִט ניִט פֿאַרגעסן. און ל. רעזניִק האָט געהאַט וואָס צו פֿאַרגעסן, נאָכמער האָט ער געהאַט וואָס צו לערנען, און אַ לערער איִז דאָך געווען אַ געלונגענער—ניִט אַלעמען איִז באַשערט דורכגיין אַזאַ שול ווי די אָקטיאַבּער-רעוואָלוציע. און דאָך—מיִר כאַזערן איִבּער נאָכאַמאָל—ל. רעזניק האָט גאָרניִט ניִט פֿאַרגעסן און גאָרניִט ניִט געלערנט.

אָט פּרוּווט, לעמאָשל, זוכן אַן איִבּערבּרוּך איִן ל. רעזניִקס *גרונטשטיִמונגען* איִן מעשעך פֿון די דאָזיקע יאָרן דיִכטונג. מיִט אַ שפּאַקטיוו וועט איִר איִם ניִם אָפּזוכן. איִר וועט ניִט געפֿיִנען גאָרניִט כוצן זיִך צאַצקען מיִטן אייגענעם איִך, כוצן באַוויינען די איִיגענע איינזאַמקײַט... נאָר לאָמיִר איִבּערגיין צו „פֿאַקטיִשע באַווײַזן“.

איִן 1921 יאָר שרײַבּט רעזניִק איִן אײנער אַ ליִד:

וויי איִז און וויי איִז מיִר—
איִך בּין אַן אײַנזאַמער
— — — — — —
איִך וועל אַוועקגיין
מיִט די, וואָס פֿאַרלאָזן דאָס פֿאָלק איִן די טאָלן,
און וואָגלען
אַף אײַנזאַמע זיִלבּערנע וועגן.

איִר הערט? איִן דעם 1921 יאָר, שוין נאָך די „צעבּויטעטע“ יאָרן, נאָכן בּיִרגער-קריִג, נאָך די פּאָגראָם-שרעקן, אָפּן שוועל פֿון אויפֿשטעלונג-פּעריאָד איִן לאַנד,—דעמלט פֿיִלט דער דיִכטער אַ ווייטיִקדיִקע איינזאַמקײַט. און ווי שרײַבּט ער וועגן אָט דעם געפֿיִל?

ער ווילּ גאָר דערמיט ניט קעמפֿן, ער ווילּ עס גאָרניט פֿאַ[...]רטיילן, ניין! מיטן טאָן פֿון דעם סקעפּסיס-נאָוויִ מעלדעט ער דער „אָרעמער" וועלט, אַז... ער וועט אַוועקגיין „מיט דיִ, וואָס פֿאַרלאָזן דאָס פֿאָלק אין די טאָלן, און וואָגלען אַף אײַנזאַמע זילבערנע וועגן". אָך, סאַראַ גוואַלדיקע אָפּערוויליקײַט, סאַראַ ניצשעיאַנישער זשעסט, סאַראַ באַדראָונג דער סאָוועטישער יידישער דיכטונג!...

„איך וועל אַוועקגיין... אַף אײַנזאַמע זילבערנע וועגן"—דעמדאָזיקן צוזאָג האָט ל. רעזניק אין דעמזעלבן 1921 יאָר (אַ גוראָטענער יאָר געווען!...) פֿאַרפֿונדרעוועט מיט נאָך לידער פֿון דעמזעלבן שניט,—נו, לעמאָשל, מיט די פֿאָלגנדיקע שורעס:

הײַנט בין איך אַ פּיקסל
אַף די כורוועס פֿון מײַן אייגן לאַנד.
— — — — — —
ווייל איז גלוביקע,
וואָס גייען אוף
און שאַרן זיך אין אש פֿון וואַנט,
און ווילּ איז מיר צו פּײַניקן אַף שטאַנגען
מײַן יונגן גאָט.

איר זעט: אויך דאָ האָט זיך ניט געפֿעלט דער נעוויִישער נוסעך און ווידעראָמאָל איז דאָ פֿאַרטיפֿט דער געפֿיל פֿון אײַנזאַמקײַט, געטאָפּלט אַף זעלבסטפּײַניקונג, פֿאַרפֿאַרבט מיט גרויסמוטיקער באַציִונג צו די „גלוביקע, וואָס גייען אוף און שאַרן זיך אין אש פֿון וואַנט". צי קלינגט דאָס ניט ווי די גרעסטע איראָניע, וואָס אין 1929-טן יאָר ווערט אין אַ זאַמלונג, וואָס טראָגט דעם טיטל „היים", נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט די שפּאָט-רייד פֿון דעם „אַלטן קלוגן מאַן"—

פֿוקסן גייען שוין אַף כורוועס,
און געבליבן איז גאָר אַ וואַנט".

נאָר עפּשער איז דאָס בלויז אַ זעלבסטקריטישער קוק פֿונם דיכטער אַפֿן ווײַטן אָוואַר פֿון 1921 יאָר, אַף דער צײַט, ווען ניט יעדערנס אויג האָט באַמערקט די האַנט, וואָס פֿאַרבויט די כורוועס? עפּשער האָט שוין אין די שפּעטערדיקע יאָרן ל. רעזניק אויפֿגעהערט צו „פּײַניקן אַף שטאַנגען" זײַן „יונגן גאָט"? עס הויבט זיך גאָרניט אָן. לאָמיר ווײַטער לייענען: באַמערקט—עס גייט אַ ליד וואָס מיט אים עפֿנט זיך די זאַמלונג און איז אײַנגעשלאָסן אין אַ ביכל פֿון 1921—1928. אָט זײַנען 8 שורעס פֿון צוועלף:

זון איז הײַנט אופֿגעגאַן פֿאַרן פֿאַרגיין,
איז טונקל פֿאַרקויקלט אַ טונקעלער טאָג.
אין פֿאַרנאַכטיקן גאָלד איך בין איינער אַליין,
אין צעגאָסענעם גאָלד—אַ דערטרונקענער טאָג.
מיט פֿליט און מיט גאָרטן פֿאַרוואָגלט אין פֿעלד.
איז אַלעמענס פֿעלד, און ס'איז קיינער ניטאָ.
און דער, וואָס האָט סלופּעס אַף וועגן צעשטעלט·
האָט צעשטעלט, און אַוועק מיטן וועג, און ניטאָ"

„טונקל פֿאַרקויקלט", אַ „טונקעלער טאָג", „פֿאַרנאַכטיקער גאָלד", „צעגאָסענער גאָלד", „דערטרונקענער טאָג", „פֿאַרוואָגלט אין פֿעלד"—איר זעט אָקאָרשט סאַראַ געדיכטעניש פֿון טונקעלע פֿאַרבן! וואָס איז עס אַפֿן דיכטער אָנגעפֿאַלן אַזאַ טײַוואָלישע שטימונג? עס איז ניט אומזיסט: אין 1923-טן יאָר זעט ער זיך אַרום, אַז ער איז „פֿאַרוואָגלט אין פֿעלד", אַז דאָס פֿעלד איז טאַקע אַלעמענס, נאָר „ס'איז קיינער ניטאָ", און דערי-

קער—זע די אונטערגעשטראָכענע דורך מיר שורעס—„דער וואָס האָט סלופּעס אַף וועגן צעשטעלט, האָט צעשטעלט, און אַוועק מיטן וועג, און ניטאָ“. אָט סאַראַ שווערע געדאַנקען עס האָבן באַהערשט אונדזער דיכטער!... לאָמיר ניט זוכן קיין באַשייד צו די רעמאַזים וועגן די „סלופּעס“ און די, וואָס האָבן זיי צושטעלט. עס איז איין זאַך קענטיק פֿאַר יעדן לעזער, און אָט וואָס: אַז פֿאַר רעזניקן זיינען די „סלופּעס“ ניט קיין וועג-ווייזער, אַז ער קלאָגט אַף די אַוועקגעגאַנגענע פּאָרויס בלויז... צוליב שאַפֿן אַ באַזיס פֿאַר זיין איינזאַמקייט-עוואָלוציע, צו באַרעכטיקן דאָס, וואָס ער איז „פֿאַרוואָגלט אין פֿעלד“.

אַזוי קלינגען דידאָזיקע שורעס אַפֿן לאָשן פֿון סימוואָל-יעראָגליפֿן, הייַנט וואָס פֿאַר אַ רייד וואָלטן מיר שוין דאָ געהערט, ווען עס וואָלט געזאָגט געוואָרן מיט קאָנקרעטע דיבורים.

ל. רעזניק איז אין גאָלעס, נאָכמער—ער פּראָוועט גאָלעס. עס איז גאָר באַ אים אַ מין קולט, אַ זאַך וואָס באַפֿליגלט זיין דיכטערישע מוזע. זאָל זיין, אַז פֿאַר אים איז עס אַזוי. אַף אונדז ווייעט דערפֿון מיט נעבעכדיקייט, מיט אויסגעליידיקטקייט, מיט קריכעניש אַפֿן בויך. נישט מער. קיינשום הויכע געפֿילן קענען אַזעלכע לידער ניט אַרויסרופֿן, קיינשום שטימונגען קענען זיי ניט וועקן, ווייל אין זיי איז ניטאָ קיין רעאַלע טראַגישקייט, קיין מענטשלעכע קאָליזיעס—כויץ אינטעליגענטישן סקאַווּיען איז דאָ גאָרנישט ניט פֿאַראַן.

לאָמיר גיין ווייטער אין דעם ציקל „היים“—ער, אָט דער ציקל, איז דאָך די צירונג און די שילד פֿונם גאַנצן זאַמלביכל. מיר וועלן איבערמישן אַ פּאָר בלעטלעך, וועלן זיך דערווייטערן נאָך אַף עטלעכע יאָר,—צוקומען צום 1926 יאָר—און דער דיכטער וועט זיך אונדז נאָך פֿולער און אָפֿענער צעשיפֿרירן:

„אַף בולוואַרן בין איך אַ פֿאַרפּלאָנטערטער—מיין שטאָט, מיין היים!
כ'קען ניט איינוואַקסן און שטיין אַ קרעפּטיקער אַ שטילער בוים.
אין מיין לאַנד אַזויפֿיל טאָפּאָלן, אַזויפֿיל גרינע שטעט.
בלויע נעכט אין גרינעם לאַנד מיינעם! ס'איז שוין זייער שפּעט.
אַף בולוואַרן אַלע מיינע טריבע טעג אַף שטילע בענק.
זאָל מיין לעצטער טאָג מיט מיר אַ לויטערער אין פֿעלד פֿאַרגיין.
איז שוין אָבער זייער שפּעט, און ס'לעשט זיך שוין מיין ליד אין ווייסער שיין.
טאָג מיין לויטערטער אין גרינעם לאַנד מיינעם!—וואָס וועט זיין?

אָט האָט איר רעזניקס עוואָלוציע צום 1926-טן יאָר! מע דאַרף זאָגן דעם עמעס, אַז רעזניק האָט מיט פֿולער אָפֿנהערציקייט דאָ דעקלאַרירט זיין באַציונג צו דער „היים“, זעלבסטבאַשטימט זיין אָרט אין דערדאָזיקער „היים“. נאָר דערפֿון ווערט אונדז אַף אַ האָר ניט גרינגער. רעזניק דערציילט אונדז דאָ, אַז ער „קען ניט איינוואַקסן און שטיין אַ קרעפּטיקער“ אין אונדזערע „גרינע שטעט“, אַז ער פּלאָנטערט זיך אין בולוואַרן. רעזניק זעט, אַז „ס'איז שוין שפּעט“, און טאַקע: וויפֿל איז דער שיר צו פּלאָנטערן! אָבער די טעג זיינען נאָך אַלץ פֿאַר אים טריבע, די נעכט האָבן זיך שוין אַראָפּגעלאָזן אין „גרינעם לאַנד“, „ס'לעשט זיך שוין מיין ליד אין ווייסער שיין“ און באַם דיכטער פֿון די ליפּן פֿאַלן בלויז די ציטעריקע פֿאַרצווייפֿלטע ווערטער—„וואָס וועט זיין?“.

„ס'איז שוין זייער שפּעט“, כאַווער רעזניק, איצט שטעלן קאַשעס. „וואָס וועט זיין“—הייסט שפּילן אין נאַיִוויטעט. שוין אין 1926 האָבן מיר געוווּסט און גוט געזען וואָס וועט זיין—סאָציאַליזם וועט זיין, האָבן מיר געזאָגט, ניט געקוקט אַף אַלע שוועריקייטן. און איר אַליין, פֿאַרטרויערטער און פֿאַרצווייפֿלטער דיכטער, האָט דאָך געזען די גרינענדיקע בוימער און די סלופּעס אַפֿן וועג, און די שלאַנקע טאָפּאָלן,—איר האָט דאָך עס געזען, טאָ וואָס פֿרעגט איר נאָך אַלץ אין אייער ביכל פֿון 1929-טן יאָר „וואָס וועט זיין“,—איר האָט דאָך דעם ביכל אָפּגעדרוקט אינם יאָר פֿון „פּיאַטילעטקע“, פֿון זיגרייכן אָנגריף אַפֿן נעפּמאַן און

באַלעגוף, פֿון דנעפּרבוי, און סעלמאַשבוי א-א.ו. און ד. ג.? טאָ וואָס איז עס פֿאַר אַן „אַיסע קאַשע״ „וואָס וועט זײַן?״.

איינס פֿון די ביידע—אָדער דידאָזיקע „היים״ איז פֿאַר רעזניקן אַ שטיפֿמאַמע, אָדער רעזניק פֿילט זיך אינדערהיים ווי אַ שטיפֿקינד. קײַן אַנדער באַשייד אַף דער רעטעניש קען ניט זײַן. און אַזוי ווי דאָס ערשטע איז ניט געמאָלט אין אַ פּאָטערלאַנד פֿון צענד־ליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע, בלײַבט קאָנסטאַטירן דאָס צווייטע—רעזניק קען ניט אײַנ־וואַקסן אינם נײַ צעאַקערקטן באָדן „און שטייַן אַ קרעפּטיקער׳ אַ שטילער בוים״. אין דעם איז זײַן טראַגעדיע.

און אַז אים איז שווער אַלס דיכטער זיך אײַנוואַקסן אין דער נײַער סיטואַציע, אין די נײַע באַדינגונגען, ווײַזן דאַווקע זײַנע לידער, וו עס איז דאָ פּרעטענזיעס אַף הײַנטצײַטי־קײַט און אַף אָפּשפּיגלען די יאָרן פֿון בירגערקריג און בויונג. אין זיי איז דאָ מער שרעק און פֿאַרוואונדערונג, האַכנאַע און ציטער, ווי פֿרייד מיט אייגנס. רעזניק לייקנט עס גאָר־ניט: „ווען טויערן האָבן געברענט, און געברענט האָבן ווענט, האָב איך געניִדערט אין טאָל און געמאָלדן די שרעק״—אַזוי ווערט געזאָגט אין אַ ליד פֿון 1921 יאָר, אין דעם ציקל „כאָרעווע שטעט״. אַזוי ווײַטער אין די לידער „אַף דער וואַך״, „נעכט״, „גופים״, „פֿרייד״. דאָסזעלבע קענט איר פֿאַרצייכענען אין די לידער פֿונם ציקל „צו גאַסט אין דער פֿרעמד״ „בלייכע אופֿגאַנגען״, און... וו ניט? קײַן פֿונק היסלאַוועס פֿאַר רעוואָלוציע, קיין טראָפּן דערהויבנקײַט, קײַן שפּור פֿון פֿרייד, זאָל זײַן געלײַטערטע אין געהענעם פֿון אינטעליגענ־טישן זעלבסטאַנאַליז—אַפֿילע אַזאַ מין פֿרייד פֿון באַהעפֿטונג בלויז צו די זיגערישע מאַסן איז אויך ניטאָ. און דאָס איז קײַן וווּנדער ניט, ווען אַ דיכטער מעלדעט, אַז

„איך גיי שוין ווידער אומעט אַ דערשלאָגענער
פֿון בלייכע אופֿגאַנגען,
וואָס צאַפּלען זיך אין ווינטיקן פֿאַרטאָג...״

ווען מען איז אַזוי דערשלאָגן פֿון בלייכע אופֿגאַנגען, קען שוין טאַקע קײַן געמיט ניט סטײַען צו פֿרייען זיך און האַנאָע האָבן פֿון די זיגן אין דער אַרבעטער-„היים״.

וואָרעם רעזניקס „היים״ וואָלט אים אינדערעמעסן געווען אַ ליבע און גוטע היים, ווען ער וואָלט זיך אין איר באַהעפֿטן, ווען ער וואָלט זיך פֿאַר איר קלאַמערן און ניט... קריכן אין טויט-שרעק אונטערן קאָלדרע.

מיט קאָפּ אין קאָלדרע אײַנגעדעקט
פֿאַרנעמט מײַן אויער פֿון דער ווײַט
דאָס סקריפּען פֿון אַ וועלט,
וואָס דרייט זיך אום
פֿון זײַט אַף זײַט.

און עס זעט זיך אָן, אַז רעזניק דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום מיטן קאָלדרע אַפֿן קאָפּ און פּראַווועט גאָלעס, אַז עס סקריפּעט אים נאָך אַלץ אין די אויערן. וואָס זשע פֿאַר אַ היימישע שטימונגען קענען דאָ אַרומנעמען, בײַ אַזאַ זעלבסטגעפֿיל? אין דערעמעסן!..

* * *

פֿאַראַן אַן אָרט אינם ביכל, איין ליד, *) וו דער דיכטער וויל געפֿינען די סיבע פֿון זײַן פֿאַרפֿרעמדטקײַט. אים, רעזניקן, דאַכט זיך, אַז זײַן פֿאַרפֿרעמדטקײַדט ווערט ניט געשפּײַזט

*) דאָס איז קימאַט דאָס איינציקע קאָנקרעטע ליד אין דער סעריע אלעגאָריעס און סימוואָלישע בילדער, וואָס פֿאַרפֿילן דעם ביכל און פֿלייצן אַריבער איבער זײַנע ברעגעס.

פֿון זײַן סוביעקטיוון צושטאַנד, נאָר איז אַ פּויעליויצע פֿון דער סוויווע. ער טײַנעט אַזוי:

„כ'האָב אַמאָל געהאַט אַ היים
— ניט שיין —
מיט לײַז און הערינג.
ביז איך בין מיט מײַנע צוועלף יאָר אַוועק, אַוועק,
אין ווײַסן טאָג, אין טרויעריקן ווינטער —
נאָך עפּעס און נאָך ברויט
— — — — — — — — —
איצט בין איך דאָ מיט אַלעמען אַ בלייכער,
איך פֿאָר אַרויס אַן אייגענער אין גרויסן לאַנד.
זאָגן זיי, אַז איך בין דאָ אַ פֿרעמדער,
אַ פֿאַרשעמטער, —
זאָגן זיי,—איך האָב געיאַרשנט און איך טראָג מײַן שאַנד".

עס איז טאַקע ווי דער רוסישער שפּריכוואָרט זאָגט, „פֿון אַ קראַנקן קאָפּ אַף אַ געזונטן". די פֿאַרפֿרעמדטקײַט זײַנע, זאָל דאָס הייסן, איז לויט רעזניקן, באַשאַפֿן פֿאַרן דיכטער דורך דער אַרומיקער אַטמאָספֿער, אַליין איז ער טאַקע אַן אייגענער, נאָר די צאָרע איז, וואָס „זיי" זאָגן „אַז איך בין דאָ אַ פֿרעמדער". אָבער דאָס גרענעצט פּאָשעט מיט רעכילעס אַף אונדזער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, וועלכע האָט ניט אַלס גרינטלעכן אַבסאָלוטן סימען פֿון פֿרעמדקײַט בלויז „לײַז און הערינג". דער פֿאָרוואָרף קערט זיך דעריבער אום צוריק צו אים. מיר ריידן שוין ניט וועגן דער פּרימיטיווער הערינג-פֿילאָסאָפֿיע, וואָס האָט רעזניקן „באַגײַסטערט" פֿאַר דעמדאָזיקן ליד, וועגן דעם אָרעמינקן געדאַנקעלע, וואָס האָט אַזוי אויפֿגעבליצט ווידעראַמאָל צוליב... אַרײַנפֿירן אין גלײַכגעוויכט דעם דיכטערס שטימונג, צו צ ו ד ע ק ן זײַן רעאַקציאָנערן געמיט; צו באַרעכטיקן די פֿאַרפֿרעמדטקײַט זײַנע צו די שטימונגען פֿון דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט.

גלײַכער וואָלט דעריבער געווען פֿאַר ל. רעזניק אַ קוק טאָן אינם אייגענעם שפּיגל, און דאַווקע ניט אַף די ק י נ ד ע ר ש ע צוועלף יאָר נאָר אַף די צוועלף יאָר פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט מיט אַזעלכע שלעכטע רעזולטאַטן פֿאַר זיך.

* * *

נאָר מע קען אונדז אויפֿוואַרפֿן: פֿאַרוואָס זײַנען אויסגעלאָזן די לידער מיט רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון? דידאָזיקע לידער דאַרף מען זוכן אין די קאַפּיטלען „בלייכע אויפֿגאַנגען", „לויטערע פֿאָנען" און „אין שניט פֿון לאַנד". נאָר אין „בלייכע אויפֿגאַנגען" מעלדעט אונדז דער דיכטער:

איך גיי שוין ווידער אומעט אַ דערשלאָגענער
פֿון בלייכע אויפֿגאַנגען
וואָס צאַפּלען זיך אין ווינטיקן פֿאַרטאָג.

לאָזן מיר אים דעריבער צו רו מיטן דאָזיקן קאַפּיטל, קעדיי ניט פֿאַרגרעסערן זײַן „אומעט", קעדיי ניט שטעלן אים קײַן קאַשעס, לעמײַ זײַנען אים אויך דאָ „פֿאַרלוירן אײנציקווײַז" די „בלויע טעג". אַלנפֿאַלס—די „אויפֿגאַנגען" זײַנען בלייך און רעזניק איז אַלץ דערשלאָגן—עס העלפֿט ניט, הייסט עס, דער שײַן פֿון אויפֿגאַנג. נאָר עפּשער איז פֿריילעכער אין די „לויטערע פֿאָנען"? די לידער ווײַזן ניט אַף דעם, צו אונדזער באַדויערן. אין „בראָנעוויק", „געוויטער", וואָס איז דער סימוואָל פֿון אויפֿשטאַנד, פֿלאַטערן זײַדענע און

פֿליושענע פֿאָנעס, עס איז דאָ „אַ שטאָט, אַ פֿאַרפּוצטע אין פֿרי-יאָר, אין פֿאָנען, אין זון און אין פֿרייד״,—אַן אויסגעפּוצטער, פֿאַרקעמטער אופֿשטאַנד, אַן אויסגעטראַכטער אין די מיען פֿון דיכטער. דאָס ליד וועגן לענינס טויט איז, אייגנטלעך, אַ ליד וועגן... רעזניקס טרויער, וואָס האָט געפֿונען אַ געלעגנהייט זיך נאָכאַמאָל צו אַנטפּלעקן, אין דאָזיקן פֿאַל—אין בלייכע, אָרעמע, אויסגעמאַטערטע שורעס. דאָס איינציקע ליד, וואָס איז אָנגעשטעקט מיט אַ ביסעלע באַגײַסטערונג און דערהויבנקייט איז „אין מאָסקווע״. נאָר אויך דאָ מוז דער דיכטער אָנהויבן מיט די ווערטער „דאָ איז ניט צו גאַסט״—צו וואָס? ווײַל ערגעצווו טאָטשעט נאָך דער ווערימל פֿון איינזאַמקייט? מיסטאָמע...

בלײַבט נאָך דער ציקל „אין שניט פֿון לאַנד״. נאָר דאָ איז קנאַפּ וואָס געזאָגט וועגן „שניט פֿון לאַנד״—אַ כוץ אַ רעמעז אין דעם ערשטן ליד. אויך דאָ פֿאַרגעסט ניט רעזניק אָן זײַן „שרעק פֿון פֿאַרגליווערטע שטעטלשע מערק״. אין דער קאַרגער ליד וועגן „זאַגעס״—וועגן אַ זיך בויענדיקער עלעקטרעסטאַנציע, איז פֿאַראַן דער אויסדריק פֿון מיסטישן לעגענדאַרן אוראַלט און ניטאָ די רעאַלע קלאָרע קראַפֿט פֿון סאָציאַליסטישער בויונג, דער דיכטער איז דאָ פֿאַרגאַפֿט פֿון די „טונקעלע טיפֿן—אַ טײַוולשער וועג דראַפּעט זיך טעגווײַז אַף שטיינערנער וואַנט״...

און צום סאָף—וועגן איין ליד בלויז, אַ ליד, וואָס דינט ווי אַ גאַטירלעכער אַקאָרד צו דער „איינזאַמער״ לידער-זאַמלונג. „שיקערע ליד״ הייסט זי, רעזניק צעגאַרטלט זיך דאָ גאָר פֿײַן און רופֿט אויס אַזוי:

ווייי איז צו אונדז, ווען מיר מוזן זײַן ניכטער.
שווער איז דאָס לעבן און ביטער דער טויט.
איז וואָס דאַרף אונדז באַנג טאָן? זאָל ברענען ליכטיק!
לאָמיר זיך פֿרייען מיט שיקערער פֿרייד!
ווער ווייסט, וואָס וועט זײַן?
דאָס לעבן לויפֿט גיך—
איז נאָך אַ גלאָז ווײַן,
און כאַפּט דאָס דער רועך.
ווען ס'איז גוט, דער זאָל האָפֿן אַף בעסער,
אונדז איז דאָס בעסטע אין שענקל באַשערט.
פֿריילעכע מיידלעך און בײַכיקע פֿעסער,
שיקערע לידער און שיקערע נעכט...

דאָ זײַנען שוין קײַן קאָמענטאַריעס, דוכט זיך, ניט נויטיק. דאָס איז שוין דאָווקע אַ ליד אָן רעמאָזים—קלאָרע דיבורים. אָפּגעדרוקט איז עס אין צײַט פֿון סאָציאַליסטישע געווען, פֿון קאַמף פֿאַר ניכטערקײַט, פֿון קולטור-רעוואָלוציע, פֿון קאַמף קעגן יערידע און באָהעמע!... אָט דאָס הייסט אויספֿילן „סאָציאַלע באַשטעלונגען״. ווען עס?
נאָר זאָל זײַן גענוג.

* * *

אַזעלכע לידער-זאַמלונגען ווי ל. רעזניקס זײַנען אונדז ניט נויטיק, דאַרף מען קלאָר און אָפֿן זאָגן. זיי זײַנען אונדז שעדלעך. אַ בוך ווערט אַרויסגעגעבן פֿאַרן לייענער-מאַרק. עס וועט זיך לערנען די יוגנט אַף ל. רעזניקס לידער. וואָס וועט זי זיך אויסלערנען? וואָס פֿאַראַ שטימונגען און סטרונעס וועלן זיך בײַ איר אופֿוועקן? בײַ אונדז וועט מען זיך ניט דערוועגן אַרויסגעבן אַ פּאָפּולערע דערציילונג, אויב נאָר זי איז ניט געשריבן דורכן גע-העריקן שרײַבערישן „אַווטאָריטעט״, אויב נאָר עס פֿעלט דעם שרײַבער דער קאַנאָן. דער

אינטעליגענטיש-מעפּונאָקישער שימל דריקט נאָך אָפּט אַף אונדז מיט אַ דיקן שימל-פּלאַסט. אָבער דערפֿאַר ווערן מיר זייער צעווייכט פֿאַר אַ לירישער שורע, פֿאַר אַ באַטריבטן בליק און טרער פֿון אַ „דיכטערישער פיגור". עס איז געוואָרן מער מיט אַ ביכל צווישן די ביכלעך, וואָס ליגן אַף די פּאָליצעס און וואָס זייער אוודע איז העכסטנס—אַ קיצל טאָן דעם שמערצלעכן ווייטיק פֿון אַ באַלעבאַטיש מיידל און פֿאַרטראַכטן באַלעבעסל. אָט פֿאַר די-דאָזיקע איז ל. רעזניקס בוך—אויב נאָר זיי וועלן אין אים געפינען די בענוגנדיקע דאָזע קינסטלערישקייַט, פּליוס צו די זיי נאָענטע געפילן און „לירישע צושטאַנדן". אין איצטיקן פעריאָד מעג אַ פּאָרלאַג זייַן אויסקלייבערישער. און אויב מע האָט זיך שוין יע געלאָזט קאָסטן די צען דרוקבויגן, האָט מען שוין ניט געדאַרפט זשאַלעווען נאָך אַ פּאָר בלעטלעך פֿאַר אַ פּאָרעדע (אָדער נאָכרעדע), וואָס זאָל דעם ברייטן לעזער, וועלכער וועט עפּשער אינם ביכל אַרייַנקוקן, וואָרענען פֿון די שעדלעכע שטימונגען, וואָס וועלן אַף אים אַ ווייטאָן. נאָך ערגער איז אָבער, וואָס דער דיכטער האָט זיך דערלויבט איצט אַזאַ ביכל אַרויסלאָזן.

ל. רעזניק, ווי עס איז צו זען, איז ווייַט פֿון די שטימונגען און גייַסטיקע שטרעבונגען, וועלכע לעבן איצט אין די אַרבעטנדיקע מאַסן פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד. ער דריקט אויס די שיכטן, וואָס פֿאַלן „אונטערן ראָד" פֿון דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג. און צו זיי ווילן מיר ניט קערן דעם געזיכט פֿון די מאַסן. אויב קונסט איז אינהדערעמעסן עמאָציאָנעל אָנשטעקנדיק, ווי טאָלסטאָי האָט, דוכט זיך, אַמאָל געזאָגט, איז זאָל דער „פּראָלעטאַרישער גאָט" אָפּהיטן דערפֿון, אַז די מאַסן זאָל זיך אָנשטעקן עמאָציאָנעל פֿון ל. רעזניקס לידער: פּאַסיוויקייַט, אַטראָפירונג פֿון ענערגיע, ווילנלאָזיקייַט—אָט וואָס עס קען אין זיי אויפקומען, אָנשטאָט דעם דערהויבענעם ענטוזיאַזם, קאַמפּלוסט און ענערגיע, וואָס איז איצט פּאַקטיש אינם אַרבעטער-קלאַס פֿאַראַן. צום גליק—אַזוי קומט שוין אויס צו זאָגן—איז רעזניקס פֿאָרם פרעמד דעם מאַסן-לעזער און רעדט ניט צו זייַן געפיל און געדאַנק מיט קאָנקרעטן בילד און קלאָרער שפּראַך.

---

## II. פֿון פרוי צו בירגערן.

### כאַנע לעווין. „צושטייער". לידער־זאַמלונג.

מע דאַרף באַלד זאָגן: כאַנע לעווינס ביכל לידער האָט גרויסע מייַלעס. דער ערשטער אייַנדרוק איז, אַז אַלץ גייט דאָ פֿונם אומיטלבאַרן געפיל, פֿון טיפֿן האַרצן, אין דער לידיק קלינגען ניט קיין פֿאַלשע טענער. ווירקנדיק איז דאָס ביכל לידער באַזונדערס דערמיט, וואָס עס הויבט אויף קאָנקרעטע שטייגער-פּראָבלעמען, וואָס אין אים פילט זיך ווייטיק פֿאַר די שווערע איבערברוכן אינם שטייגער און געשלעכט-לעבן. אינטערעסאַנט זייַנען נאָך כאַנע לעווינס לידער באַזונדערס דערמיט, וואָס זי דריקט אויס, אַף אַ פרויען-שפּראַך, מיט דער גאַנצער פרוייִשער צאַרטקייַט, די שטימונגען און צושטאַנדן פֿון דער סאָוועטישער פרוי.

כאַנע לעווין האָט איר גאַנצע פרוייִשקייַט, די גאַנצע לירישקייַט פֿונם „שוואַכן געשלעכט" אויסגעגאָסן אין אירע לידער, געווידמעט דער פרוי. ווייַל די פרויען-מאָטיוון זייַנען דאָ ניט קיין אינדיווידועלע, דאַרף מען אָט אין דעם פּינטל זוכן דעם „סאָציאַלן עקוויוואַלענט" פֿון דער לידער-זאַמלונג, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אַ היפּשע צאָל לידער טרעטן אָפּ פֿון אָט דער צענטראַלער פּראָבלעם פֿון דער דיכטערין.

דאָס בּיכל עפנט זיך מיטן ציקל „פרוי". אַפן ערשטן אָרט גייט אַ ליד, וואָס מאַכט אַ שווערן, מע קען זאָגן, אַ פּייַנלעכן איינדרוק. די פּראָבּלעם איז דאָ—אַבּאָרט, די דיכטערן רופט אויס:

וועמען, וועמען זאָל איך מייַן וויי פאַרטרויען?
איך קאָן ניט זויגן מער אין שטומעניש מייַן וווּנד!
אַלע נאַכט איך זע אין כאָלעם פרויען,
און יעדערע באַווייַנט אַ קינד.
— — — — — — — — — — —
יעדע נאַכט איך זע אין כאָלעם פרויען,
שלעפּט מען זיי צום טויער פאַר די האָר...
אָנגעשלײַדערט פרויען אַף די טישן.
פאַרדרייטע קני צערײַסט אַ פרעמדע האַנט,
עמערוויַס מען טראָגט אַף שוואַרצע מיסטן
שטיקער קינדער-לײַבּ און פרויען-שרעק און שאַנד..

אַלזאָ—די פרוי פאַרעפנטלעכט אַ באַשולדיקונג-אַקט. וועמען? דער צייַט? דער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם? ניין:

שווער איז מיר,
און איך שעם זיך קלאָגן,
ווייַל מייַן לאַנד איז שיין
און יאָנטעוודיק פאַרטאָן.
פריידן אין מייַן לאַנד—
זאַנגען פול מיט קאָרן,
נאָר מיר,
און אַף מייַן כיילעק
פוסטע קומען אָן...

עס איז, הייסט עס, אַ באַשולדיקונג-אַקט דעם „מאַנסבּילשן טייל", עס איז אַ קלאָג-ליד אַף דעם גורל פון דער פרוי—אין פאַרגלייַך מיט אַלע איבּעריקע אינם שיינעם, אין פריידיקן לאַנד: „זאַנגען פול מיט קאָרן", בלויז „אַף מייַן כיילעק פוסטע קומען אָן".

כאַנע לעווין איז אומיטלבּאַר-פרויש אין איר פראָטעסט, עס רעדט דורך איר דער באַליידיקטער מוטער-געפיל, דער אינסטינקט שרייַט אַריבּער דעם באַוווסטזייַן. עמעס, עס שאַדט ניט באַ אונדז צו דערמאָנען וועגן דעם ווייטיק פון „פאַלמעסן אין בויך". אָבּער אַבּאָרט איז אַ געזעלשאַפטלעכע דערשייַנונג. קעדיי צו לייזן אַזאַ האַרבּע פראָבּלעם, איז אַ דינער פרויען-קאָל צו שוואַך. דעריבּער קלינגט דערבּײַ כאַנע לעווינס שטים היסטעריש, קימאַט באַוווסטלאָז. דעריבּער דערהויבּט זיך דאָ ניט די דיכטערן אַפילע צו פרויען-פילאָסאָפיע—אויבּ אַזוינס קען יע געמאָלט זייַן. דער מוטערלעכער אינסטינקט איז באַ איר הויל, פיזיאָלאָגיש, אָן דעם דינסטן שלייער פון באַוווסטזיניקן דענקען.

נאָר אָט דער הוילער אינסטינקט איז ניט אַלץ. די דיכטערן איז ניט שטענדיק פאַרצווייפלט. און ווען זי איז געמיטלעכער, איז אין איר האַרץ פאַראַן אָרט אויך פאַר אַנדערע מער קוואַליפיצירטע געפילן:

האָבּ איך ליבּ—איז וויל איך זען אַ קינד פון דיר.
נאָר מיט צימער-גליק דייַן וועלט כ'וועל ניט פאַרצאַמען.
— — — — — — — — — — —
און ס'וואַרט דאָך אויך די גאַס מיר

און ס׳וואַרט מיר אויך אַן אַרבעט,
און גלײַך מיט דיר איך טראָג דאָך
פֿאַר דער וועלט אַ כּיוו.

כּוץ „צימער-גליק״ און,—וועלן מיר צוגעבן,—„מאַמע-גליק״ איז פֿאַראַן פֿאַר דער „וועלט אַ כּיוו״. דאָס ווייס די דיכטערן, נאָר זי איז פֿונדעסטוועגן ניט געטרייסט. זי וויל דאָך דערבײַ דערמאָנען אָן דער טראַגעדיע, וואָס הענגט ווי אַ קלאָלע אַף אונדזער קלאַסן-געזעלשאַפֿט: די טראַגישקײַט פֿון פֿרויִשער פֿאַקטישער אומגלײַכקײַט.

אין דעמדאָזיקן ציקל „פֿרוי״ איבעראַשט די טיפֿע פֿולקאָמע פֿרויִשע אומיטלבאַרקײַט, די קענטעניש פֿאַשעט צו אויסדיכטן די פֿאַרשיידנסטע וויבראַציעס פֿון ליבע און מוטערלעכקײַט. דאָס זײַנען עמעס, באַזונדערע, צעפֿליקטע, קען מען זאָגן, שטימונגען. יעדעס ליד איז אַ באַזונדער פֿיבער-וויבראַציע, נאָר צוזאַמען בילדן זיי אַ גאַנצן קאָמפּלעקס געפֿילן. און דאַווקע דאָרטן, ווו די דיכטערן וויל זיך אַליין „ברענגען אין אָרדענונג״ און „אָרגאַניזירן״ אַ קאָמפּלעקס געפֿילן, קאָנסטרויִרן אַ גאַנצע זאַך, גיט זיך דאָס איר אײַן אַמקנאַפּסטן. דערצו איז אַן אילוסטראַציע די פּאָעמע „איינע ווי אַסאַך אַנדערע״. סימע, די העלדן פֿון דער פּאָעמע. איז טאַקע באַשיידן ווי די דיכטערן אַליין, זי איז טאַקע „איינע פֿון אַסאַך אַנדערע״, ניט פֿאַרפּוצט, טאַקע אַ מיידל פֿון רייזינס אָרעמער סוויווע, אָבער... אָבער דאָ איז קײַן נײַ וואָרט ניט געזאָגט געוואָרן, עס איז גאָרניט באַזונדערס אָריגינעלס אַנטפּלעקט געוואָרן אין דער נײַער פֿרוי. אַזאַ אײַנדרוק האָט איר, ווען איר נעמט דידאָזיקע פּאָעמע אַלס גאַנצע און ווילט אין איר זען געשטאַלטן און געשעענישן. אָבער איינציקע לידער זײַנען אויך דאָ פֿאַראַן שיינע און פּראָבלעמאַטיש האַרבע.

דאָרטן, ווו כאַנע לעווין וויל זײַן באַשרײַבעריש, נעענטער צום אָרט און מענטשן, איז זי מעסוגל בלויז פֿאַרכאַפּן אַ באַגרענעצטן שטעטך—און אַ פּרימיטיווע, קאָלאָריטלאָזע פּאַנאָראַמע. זי דערמאָנט דעמלט רייזן-ראָזענפֿעלד, אין אַ נײַער אויפֿלאַגע:

צען טרעפּלעך אין קעלער,
צען טרעפּלעך אין גרוב,
און דאָס איז מײַן היים,
און דאָס איז מײַן שטוב.

אָדער:

דער טאַטע—אַף אַרבעט,
די מאַמע—ווו נייט,
די טיר איז פֿאַרשלאָסן
אַף אַ שלאָס און אַ קייט.

דערמאָנט עס אײַך ניט „אַ געזינד זאַלבעאַכט״ און „איך האָב אַ קליינעם יינגעלע״? דידאָזיקע לידער (אַ טייל פֿון „איינע פֿון אַסאַך אַנדערע״, „וואָס סע געדענקט זיך״) זײַנען מינאַסטאָם אין אַ גרויסן טייל אַוטאָביאָגראַפֿיש און דעקן אָפּ די סוויווע פֿון דער דיכטערן, זיי דערקלערן אונדז די פּרימיטיווקײַט און „פּראָסטקײַט״ פֿון איר זשאַנר, וואָס האָט זײַן קוואַל אוואַדע אָט אין דער סוויווע.

* * *

וואָס מער כאַנע לעווין „אַבסטראַגירט״ זיך פֿון די אומיטלבאַרע אינסטינקטיווע געפֿילן אין איר גרונט-פּראָבלעם, אַלץ מער באַגרײַפֿט זי דעם טיפֿן בראָך, וואָס אונדזער רעוואָלוציע-צײַט האָט געמאַכט אין די געשלעכט-באַציִונגען, אין דער לאַגע פֿון דער פֿרוי. זי דערזעט דאַן די ליכטיקע, נײַע זײַטן פֿון אונדזער אַרבעטנדיקער פֿרוי, כאָטש דערבײַ קען

זי קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן צו דורכפֿירן אַ פּאַראַלעל מיט דער אַלטער ראָל פֿון דער פֿרוי, וואָס שטייט איר שטענדיק פֿאַר די אויגן. דאָס נײַע קומט שמערצלעך—אַזוי, דוכט זיך, מעלדעט די דיכטערין:

קען איך אַוועק אַף קיינער אָוועס
צו מײַן לעבעדיקער מאַמע.
וויינט מיט אויסגעזופּטע אויגן,
וויינט אַף מיר מײַן מאַמע שאָוויַז:
— „אין וועמען ביזטו גאָר געראָטן?—
ניט אין מיר, ניט אין טאַטן—
אין אַ גויע,
אין אַ שיקסע!
אונדזער טאָכטער שפּילט מיט ביקסן".
„— מאַמע, לעבן זאָל די ערד!
איך קען אויכעט זאָטלען פערד.
— — — — — — — — —
ווי אַ שייגעץ, ווי אַ גוי.
אַפֿן פערד...
אין פֿראָנט... אין פֿײַער".
— — — — — — — — —
געגעבן מיידל האָט צושטײַער.
אָט דער וועלט, וואָס ווערט געבוירן,
אייגן בלוט און אייגן פֿלייש.

„צושטײַער" האָט די יונגע געגעבן „דער וועלט, וואָס ווערט געבוירן", עס איז אָבער אומפֿאַרשטענדלעך און אומזיניק פֿאַר דער „מאַמען", פּונקט ווי עס רעדט ווייניק צום געפֿיל און סייכל פֿון דער מאַמען דער קעגנזאץ צווישן אירע 5 זין, וואָס דרײַ פֿון זיי זײַנען סאכרים און 2—רויטאַרמייער (דאָס ליד „אייגענע און פֿרעמדע"). דער אוראַלטער מוטער-געפֿיל צערטלט אַלע זין, ווײַל... זיי זײַנען „זין". און טאַקע צוליב דעמזועלבן געפֿיל קען די אַלטע פֿאַרשימלטע באַבעלע („באַבעלעך") וויגן דאָס מיידעלע, וואָס הייסט „קים" און מיט ליבע פּליסטערן דעמדאָזיקן נײַעם פֿאַר איר אויסטערלעשן נאָמען, זי קען אַפֿילע פֿאַרגעסן דעם טראַדיציאָנעלן ניגן פֿון „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" און גאָר אויסזינגען איבערן וויגעלע פֿונם אייניקל דעם רוסישן אינטערנאַציאָנאַל „יידיש-דיק-פֿאַרטרויערט שטילערהייט". אַלץ די קראַפֿט פֿון מוטערלעכן אינסטינקט,—זי הענגט איבער די עלטערע דוירעס און סײַ זי פּענטעט זיי, סײַ זי מאַכט זיי בויגעוודיק אַנטקעגן דעם פֿרישן ווינט פֿון אונדזער נײַער צײַט. אָט דידאָזיקע טראַדיציע און הוילע אינסטינקט-באַוועגונג דאַרף געבראָכן ווערן דורך דעם נײַעם פֿרויען-דאָר. די פֿרוי איז אָבער שוואַך, באַליידיקט, און עס איז דעריבער שמערצלעך-שמערצלעך אַפֿילע פֿאַר די פֿרויען, וואָס האָבן געשמעקט פּולווער, געגעבן „צושטײַער" דער רעוואָלוציע זייער „לײַב און לעבן" און אַראָפּגעשאָקלט פֿון זיך די „זשוקעלעך" פֿון אַלטע געוואָינהײַטן און טראַדיציעס— אַפֿילע פֿאַר זיי איז שמערצלעך דער איבערגאַנג, זיי זײַנען נאָך הילפֿלאָז.

---

דאָס אַלטע איז טיף פֿאַרוואָרצלט, פֿאַרפֿלאַנצט אין אינסטינקט, קימאַט איזאָלירט פֿונם קאָנטראָלירנדיקן באַוווסטזײַן—אַזאַ איז די געפֿילן-וועלט בײַ דער מאַסן-פֿרוי, לויט כאַנע לעווינס קוק. שמערצלעך און ווייטיקדיק, פֿאַרשײַט און מיט באַזונדערער היפּערטראָפֿיר-טער אַזעס און געוואַגטקײַט—אַ מאָדנער געמיש!—באַהערשט די יונגע, הײַנטצײַטיקע,

נײַע פֿרוי, די פֿרוי, וועלכע רײַסט דאָך מיטן אַלטן דאָר, כאָטש די קוואַלן, וואָס שפּײַזן איר געפֿילן-וועלט, זײַנען אויך אַזוי איבערפֿולט מיט אינסטינקטיווקײַט, ווי בײַ דער אַלטער פֿרוי. איבער ביידע פֿרויען-דוירעס הענגט די שווערע ירושה פֿון אָוועך—דער באַליידיקטער פֿרויען-און מוטער-אינסטינקט. אָבער די נײַע פֿרוי, ניט אָפּטויטנדיק דעם אינסטינקט, שאַפֿט אַ נײַעם שטייגער, קעמפֿט זיך אויס נײַע באַדינגונגען, „גלײַכט" זיך דורך קאַמף-שאַפּט און אַרבעט און פֿאַרטעמפּט אַזויאַרום דעם ספּעציפֿישן פֿרויען-ווייטיק.

דעריבער באַקומט זיך בײַ כאַנע לעווין אַזוי: כאָטש דער הויכער טאָן, די העכערע אַקטיווע און פֿולע דיכטערישע שטים קומען צו איר דאַן, ווען זי איז באַהערשט דורך דער קימאַט פֿאַטאַלער טראַגישקײַט פֿון דער פֿרויען- און מוטער-פּראָבלעם, טרעט דאָך אָפּ דער-דאָזיקער שמערצלעכער ווייטיק דעמלט, ווען די דיכטערן רוט אָפּ פֿונם געשריי און דערזעט פֿאַר זיך די „ליכטיקע פֿינטעלעך" פֿון דאָס נײַעס, וואָס מיר פֿאַרמאָגן שוין. דאַן ווערט איר שטים מילדער און ליבלעכער, און עס סטײַעט איר קויעך ניט נאָר צו פּראָטעסטירן, נאָר אַפֿילע צו קריגן זיך און קעמפֿן פֿאַר דער נ ײַ ע ר פֿרוי. אָט דער שטריך טרעט אַרויס בײַ כאַנע לעווין אין איר ליד „קליידער"—דאָ איז די נײַע פֿרוי אין איר „ווערן", אין די שורעס פֿילן זיך די אונטערערדישע שטויסן, וואָס צעשמעטערן באַזונדערע ציגל פֿון דעם אַלטן פֿרויען-שטייגער און—דורכדעם—די גאַנצע געביידע.

אין מײַנע קורצע קליידער,
אָן קאָלנער, אָן אַן אַרבל,
אַזוינע גלאַטע, פּראָסטינקע, ווי העמדער,
מײַן מאַמען זע איך אויס
אַ ווילדע און אַ פֿרעמדע,
און שעמעוודיק זי קערט פֿון מיר איר בליק,
צום בריק.
די הענט מײַנע—אַנטבלויזטע,
אַנטבלויזטע פֿאַר דער זון און וועלט,
ברענגען איר אַ וויי אַזאַ און בראָך,—
אין מײַנע קליידער זעט זי ניט קיין יאָך:
צופֿיל יאָנטעוו ליגט אין מײַנע קליידער,
און ווינציק וואָך.
מאַמע-וואָך,
און ווײַבער-וואָך,
און נאָך און נאָך.

אָט, אין די פֿאַלדן פֿון די קליידער, אין יעדער פּאַסיק אַנטבלויזטן לײַב פֿאַר דער זון, זעט די דיכטערן רעוואָלוציע קעגן אַלטן שטייגער, אַרויסבאַפֿרײַונג פֿון דער אַלטער „מאַמע-וואָך" און „ווײַבער וואָך". אַזוי ווערט די פֿרוי איבערגעבוירן און ווערט נ י ט נ אָ ר פֿ ר ו י—זי ווערט ב י ר ג ע ר ן.

אַזוי ווײַזט כאַנע לעווין, ווי פֿון פֿרוי ווערט בירגערן. אין אירע לידער, ווו עס דאָמינירט און פֿאַרשרײַט אַלץ און אַלעם דער באַליידיקטער פֿרויען-שמערץ, פֿילט זיך די פֿרויען-פּסיכאָלאָגיע פֿון דער אַלטער וועלט. דאָרט איז פֿאַרקערפּערט די פֿרוי, וואָס איז בלויז פֿאַרטאָן אין איר אייגענער געפֿילן-וועלט און וועלכע האַלט אין איין גלעטן אירע אייגענע קרענקלעכע אינסטינקטן, איר קרענקלעכע זעלבסטליבע, איר סימפּאַטישע מאַכט-לאָזיקײַט... אין איר געשריי קעגן מאַנסביל פֿילט זיך—דאָס ניטפֿאַרשטיין די באַדינגונגען, וואָס שאַפֿן אַזעלכע טראַגישע דערשײַנונגען ווי אַבאָרט... אָבער ס'איז גענוג, די דיכטערן זאָל זיך עטוואָס „אַבסטראַגירן" פֿון אָט דעם היפּערטראָפֿיש-סוביעקטיוון געשלעכט-געפֿיל.

קעדיי זי זאָל נעמען מיט די אייגענע הענט באַשאַפן דעם איבערגאַנג, דעם בריקל צו פרוי-בירגערן, צו דער פרוי, וואָס ניט נאָר זי שרייט פון ווייטיק, נאָר זי פאַרשטייט די סיבעס און טוט אַליין אַקטיוו זיי צו היילן.

מײַן לאַנד,
מײַן ראַטנלאַנד—
פון טיל און טעל,
פון הינטערגעסל האָסטו מיך דערהויבן צו דײַן הויך...
איניינעם מיטן מאַן
פון שווערד און ביקס
קאָראָמיסלעס געמאַכט,
איניינעם פרײַהײַט עמערווײַז געשעפט
פון טיפן ברונעם „זיג". („די וויג").

אַ ליד קימאַט אַ טפילע, אַן אופריכטיקע אַפּאָלאָגעטיק פון ראַטנלאַנד, אויס טיפער דאַנקבאַרקײַט פאַר בירגערלעכע רעכט, פאַר בירגערלעכער גלײַכהײַט, פאַרן „דערהויבן" צו ראַטנלאַנדישער „הויך". אָט דורך וועלכע וועגן עס גייט די באַפרײַונג און „אויסגלײַכונג" פון דער פרוי.

אַלזאָ, כאַנע לעווין גיט דעם איבערגאַנג פון סטאַם פרוי אינם אַלטן באַנעם פונם דאָזיקן וואָרט—אינם קימאַט הויל-פיזיאָלאָגישן באַגריף, וואָס די בורזשואַזע געזעלשאַפט גיט אים צו—צו דער נײַער פרוי, וואָס אינם אָנטייל פון בויען און קאַמף ווערט איר אי-בערלעכע וועלט באַרײַכערט, און דורך דעם ווערט שוין פאַרגלײַכגעוויכטיקט איר געמיט. אַז ס'איז בײַ דער דיכטערן רייף אָט דערדאָזיקער איבערגאַנג, באַווײַזן אירע לידער וועגן בויונג, וואָס גייען צום סאַך ביכל. זיי פאַרמאָגן אין זיך די גאַנצע אופריכטיקײַט און צאַרטקײַט, וואָס פאַרבן מיט זיך די „פרויישע" לידער פון דער זאַמלונג. אָט זײַנען עטלעכע שורעס פון אַ ליד.

לייג ניט די האַנט אַפן האַרצן—
וועלן בייזע כאַלוימעס ניט קומען!
זאָג ניט, אַז קוואָרים נאָר טאַרטשען—
מיר זײַנען מיט בויונג פאַרנומען.
ניטאָ אַזאַ אָרט, אַזאַ ווינקל
מען זאָל עס ניט מעסטן און צירן!
זאָג ניט, אַז פוסטקײַט אונדז ווינקט נאָך,
נאָר פריי זיך מיט ציגל אַף פורן.
און זע, ווי מע לייגט זיי אין שורעס,
ווי מע האַלט אין איין פירן און פירן
דאָס באַשיידענע שטייגער-אַשירעס—
אַן אָנזאָג אַף דעכער און טירן.

האַקלאַל—בײַ כאַנע לעווין זײַנען דאָ אַסאַך בעלקעס, וואָס בילדן דעם בריק צו אונדזער ברעג—צום הויכן ברעג, ווו פרוי איז מענטש און בירגערן. באַלד וועט זי זײַן דאָרט און וועט שוין קענען פאַרברענען דעם בריקל צוריק...

* * *

פון כאַנע לעווינס „צושטייער" ווייעט מיט פרישקײַט, האַרציקײַט און אָריגינעלקײַט. זי האָט ליב דאָס קאָנקרעטע בילד, כאָטש זי קאָקעטירט אָפט מיט טפילע-סטיליזאַציע, מיט ביבל-אַסאָציאַציעס (עפיגראַף „דערעך נאשים לי", „פאַרשעמט האָט ראָכל איר מענערשן

זאָטל" א.אַ.וו.). נאָר דאָס זײַנען צופֿעליקע עלעמענטן. דער דיכטערן זײַנען צוטרויטלעך דעטאַלן, היימישע שטריכן. זי גערויִנט דעם לעזערס סימפּאַטיע מיט איר ליבע צו קינדער, מיט מענטשלעכער פֿרויען-צאַרטקייט, וואָס די זײַנען אַ דיסאָנאַנס, די פֿיזיאָלאָגיש-פּאַטאַלאָגישע שורעס, וואָס מאַכן אָפּט פּריקרע אירע לידער. כאַנע לעווין האָט אויך פֿאַרבן פֿאַר נאַטור, בעסער געזאָגט—שטימונגען פֿון נאַטור, ווײַל פּייזאַזש מאָלט זי ניט, אַנטקעגן דער נאַטור גייט זי ניט—די נאַטור קומט צו איר אין צימערל, דער האַרבסט און די זון דרינגען דורך צו איר און באַווירקן אירע שטימונגען. דידאָזיקע קאַרגשאַפֿט פֿאַר נאַטור-שילדערונג איז ווידעראַמאָל אַ רעזולטאַט פֿון דער פּרימיטיווער שטוב-סוויווע, וואָס האַלט נאָך אין אירע קלאַמערן אונדזער דיכטערן...

---

# אַ קאַריקאַטור אַף קריטיק.

(וועגן א. וועוויאָרקעס אַן „איבערזיכט" *).

דער כ׳ וועוויאָרקע טרײַבט לעצאָנעס אין דער „רויטער וועלט". ער האָט געפֿונען מאַטעריאַל צו כויזעק מאַכן פֿון מײַנס אַן אַרטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אונטער די איניציאַלן „כ.ד." אינם נומער 3 „שטערן" **).

דעם כ׳ וועוויאָרקע שמאַרצט זייער די נײַגעריקײַט: ווער איז עס דער מעכאַבער „כ. ד."? עטלעכע מאָל קערט ער זיך אום אין זײַן איבערזיכט צו דער פֿראַגע און פּרוווט פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן געבן אָנצוהערעניש. איז לאָמיר אופֿדעקן פּסעוודאָנימען: דער אַרטיקל איז טאַקע געווען געשריבן פֿון „איינעם פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון „שטערן", פֿון דעם דאָ אונטערגעשריבענעם (כאָטש, אייגענטלעך, איז מיר ניט גאָר פֿאַרשטענדלעך, לעמײַ וועוויאָרקע סטאַרעט זיך אַזוי אופֿהעקן פּסעוודאָנימען: נאָר ווי עס ווײַזט אויס, האָט וועוויאָרקע געמיינט דערמיט מאַכן פּיקאַנט און רייצנדיק זײַן ערשטן געריכט אין דער „רויטער וועלט", אַ געריכט וואָס איז אָבער דאַווקע אַרויסגעקומען ניט איבעריקנס אַנטיק, ווי מיר וועלן שפּעטער זען).

וועוויאָרקע גיט מיר אָפּ דעם ערשטן אָרט אין זײַן „איבערזיכט".—זײַן „איבערזיכט" הויבט ער אָן מיטן „שטערן" נומער 3 און טאַקע פֿון מײַן אַרטיקל. נאָר, ווי עס איז צו-זען, האָט וועוויאָרקע בעשומויפֿן ניט געקענט אַוועקלייגן זײַן פֿעליעטאָנישע פּען אָן אַ זײַט און פֿאַרהיטן אַ קאַפּעלע ערנסטקײַט בײַסן קריטיקירן קריטיק.

מײַן אַרטיקל „ווהין גייען אונדזערע דיקע זשורנאַלן" ווערט דורך וועוויאָרקען קוואַליפֿיצירט „פֿאַרשיידנאַרטיק": „אַ געלונגענער וויץ", „צופֿעליקער, קימאַט אַנעקדאָטישער אַרטיקל"; ווײַטער פֿאַרפֿעלט ניט וועוויאָרקע אַפֿן גרונט בלויז פֿונם דאָזיקן אַרטיקל און בלויז אָנשטויסנדיק זיך אַפֿן מעכאַבער, וואָס באַהאַלט זיך הינטער די איניציאַלן, צו באַווײַזן, אַז „כ.ד. לײַדט אַף אַ שוואַכקײַט ניט ניספּאָעל צו ווערן פֿון קײַן זאַך". אַף וואָסער גרונט מאַכט דידאָזיקע עקספּראָמט-אויספֿירן דער כ׳ וועוויאָרקע?

וועוויאָרקען געפֿעלט ניט, לעמײַ „כ. ד. דריקט אויס זײַן אומרו איבער דעם גוירל פֿון די דיקע זשורנאַלן... רוסישע". פֿאַרוואָס איז וועוויאָרקע ניט צופֿרידן מיטן דאָזיקן אויספֿיר? ווײַל, זעט איר, ער געפֿינט אין, כ. ד.׳ס, אַרטיקל, דעם צעטל פֿון די שרײַבער,

---

*) זע „די רויטע וועלט" נומער 5-6 פֿאַרן 1929 יאָר.

**) „וווהין גייען אונדזערע דיקע זשורנאַלן?" וועגן אַ כוידעש-העפֿט „נאָווי מיר".

וואָס באַטייליקן זיך אין דעם נומער „נאָווי מיר", וועלכער ווערט דורך מיר אַזוי נעגאַטיוו רעצענזירט. און אים ווערט גאָר דאַווקע פרייליך אַפן האַרצן און העל אין די אויגן—געהערט, אַזעלכע ליוויאָסנס: לעאָנאָוו, פרישווין, דמ. אורין, געראַסימאָוו, אושאַקאָוו, באַגריצקי. אויב אַזוי, איז—סטייטש, צי קען מען מאַכן שלעכטע אויספירן וועגן אַ זשורנאַל-העפט! אַזוי טראַכט וועוויאָרקע.

וואָלט וועוויאָרקע אָבער איבערגעלייענט אינגאַנצן מיין אַרטיקל, וואָלט ער כאָטש אַ בלעטער געטאָן דעם העפט „נאָווי מיר", וואָלט ער געווען אַביסל אין קורס פון דער דיסקוסיע וועגן די דיקע זשורנאַלן, וואָס איז זיך דעם ווינטער פאַרלאָפן אַף דער „רוסישער גאַס"—דאַן וואָלט ער מיט אַזאַ פעליעטאָנישן סטיל ניט גערעט וועגן מיין אַרטיקל. וואָרעם צי דען איז באַ מיר געגאַנגען אין „אַנטקרויינען" די שרייבער פון „נאָווי מיר" אָדער פון די רוסישע זשורנאַלן בכלאַל? איך קען זיי, די דאָזיקע שרייבער, ניט ווייניקער פאַרן כ' וועוויאָרקע! ניט אין דעם איז דאָך אָבער באַ מיר געגאַנגען: איך האָב דערוויזן אַפן גרונט פון דער ליטעראַרישער פראָדוקציע אינם דאָזיקן נומער „נאָווי מיר" (און ניט פון דעם צעטל שרייבער) אַז:

1. פיליניאַק פירט דורך אין זיינע עטיודן אַ באַלעבאַטיש-באַלעגופישע „פילאָסאָפיע";

2. אַז טיכאָנאָוו שפיגלט אָפּ די צעטומלטע יערידע-שטימונגען פונם נעפמאַן-באַלעגוף אינם איצטיקן מאָמענט, אַז באַ אים איז פאַרטושירט אונדזער סאָוועטישע ווירקלעכקייט;

3. אַז לעאָנאָוו טופעט זיך אַף איין אָרט מיט דאָסטאָיעווסקישע פויעריש-אַנאַרכיסטישע געפילן און שטימונגען;

4. אַז דמ. אורין דרוקט אַן עקלהאַפטע, מעשטשאַנישע דערציילונג, פרעטענדירנדיק דערביי אַף רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק;

5. אַז פאַסטערנאַק און פרישווין דרוקן זאַכן, וואָס זיינען אויסער רוים און צייט און זיינען דעריבער ווייניק כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן אויסגעשפּראָכענעם סאָוועטישן זשורנאַל;

6. אַז דאָס אַלץ, קאָנצענטרירט אין איין זשורנאַל-העפט, אַפן פאָן פון אַנאַלאָגישע דערשיינונגען אין די איבעריקע „דיקע" רוסישע זשורנאַלן („קראַסנאַיאַ נאָוו", „זוועזדאַ"), שאַפט אַ שווער בילד פון דער זשורנאַל-פראָדוקציע און דערוועקט די פראַגע „וווהין גייען אונדזערע דיקע זשורנאַלן"? א. א. וו. א. וו.

איז וויכטיק איצט וועגן דעם צוריידן, אָדער עס איז „צופעליק" און „אַנעקדאָטיש"? אַדעראַבע, זאָגט, כ' וועוויאָרקע! אונדז דאַכט זיך, אַז עס דאַרף זיך פאָשעט פעלן דער פאָליטישער כוש, קעדיי אָפּלייקענען די וויכטיקייט פון די דאָזיקע אַרגומענטן.

ווייטער. אין וואָס באַשטייען מיינע אויספירן אַפן גרונט פונם מאַטעריאַל אינם דערמאָנטן זשורנאַל-העפט? אָטאָ זיינען זיי: „דער גרעסטער פעלער זיינער (פון דעם העפט, הייסט עס,—כ. ד.),—האָב איך געשריבן אינם אַרטיקל, וואָס איז געקריטיקירט געוואָרן דורכן כ' וועוויאָרקע—באַשטייט אין דעם שטעמפּל פון גדויקייט און „אויסערצייטיקייט" (אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן), וואָס ער טראָגט אַף זיך. גרויקייט, ביינהאַשמאָשעסדיקייט—דאָס איז קימאַט ווי דער סטיל אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון דאָזיקן נומער... צו וואָס גייט דער „נאָווי מיר"?... וואָרעם צו וואָס קען ברענגען אַזאַ פאַרזייערטקייט און „סטאַביליזאַציע"... „נאָווי מיר" טאָר ניט בלייבן קיין איר-מיקלעט פאַר רעכטע שטימונגען און קינסטלערישער רעאַקציע".

זאָל דער כ' וועוויאָרקע אָפּוואַרפן די געוויינטלעכע פעליעטאָנישע לייכטקייט זיינע און זאָגן: אין וואָס באַשטייט די „אַנעקדאָטישקייט" פון מיין קריטיק פון מיינע אויספירן? ווען וועוויאָרקע וואָלט געווען מער געוויסנהאַפט צוגעגאַנגען צו זיין אויפגאַבע, וואָלט ער קוידעמקאָל דורכגעלייענט מיין אַרטיקל ווי עס געהער צו זיין, און ער וואָלט דעמלט אַריינגעקוקט אין דעם העפט „נאָווי מיר", ווי אַנדערש טוט אַ קריטיקער?

כ׳ וועוויאָרקע! איר זײַט הײַנטיקס מאָל מיעס דורכגעפאַלן און זאָל עס זײַן פאַר אײַך אַ לעקציע אַף ווײַטער.

יע, שיר ניט פאַרגעסן ענטפערן אַף אַ קלאָץ-קאַשע וועוויאָרקעס, אַ קלאָץ-קאַשע, וואָס אַף איר האָט זיך וועוויאָרקע ווידעראַמאָל עקזאַמענירט. ער טײַנעט צו מיר: סטײַטש, דו, כ. ד., זאָגסט, אַז „קײַן ליטעראַטור-קריטיק און ליטעראַטור-פּאָליטיק" איז אינם נומער „נאָווי מיר" „לאַכלוטן ניטאָ", און אַליין שרײַבסטו מיט אַ זײַטל ווײַטער... און דאָ פאַרפילט וועוויאָרקע זײַן אַרטיקל מיט אַ שטיק ציטאַטע פון מײַן אַרטיקל וועגן אייניקע נאָטיצן איבער ליטעראַרישע ווערק אינם „נאָווי מיר". הייסט עס, וועוויאָרקע האָט מיך געכאַפּט באַם האַנט: געזאָגט האָב איך, אַז קײַן „ליטעראַטור-פּאָליטיק" איז ניטאָ און צום סאָף טײַנעט מײַן אייגענער מויל, אַז עס איז יאָ פאַראַן. „האַיטאָכן? וואָס עס קען זיך פאַרלויפן! נאָר... דער כ׳ וועוויאָרקע פאַרשטייט טאַקע ניט וואָס מ׳רעדט, אָדער ער מאַכט זיך? צי דען איז פאַר אים ניט קלאָר, אַז אונטער „ליטעראַטור-קריטיק און ליטעראַטור-פּאָליטיק" מיינט מען עפּעס מער ווי אַ נאָטיץ וועגן אַ ליטעראַריש ווערק! ניט שוין איז אים ניט קלאָר, אַז דער באַגריף ליטעראַטור-קריטיק און ליטעראַטור-פּאָליטיק נעמט בעשומויפן ניט אַרײַן אַזעלכע, ווי זשאָריטשעס אַרטיקל, וועלכן איך כאַראַקטעריזיר (כ׳ וועוויאָרקע קען זיך דערמיט ניט אײַנשטימען און דאָס וועט זײַן אין זיין שניט) ווי אַזאַ, וואָס אין אים וואַשט מען ברודיקע וועש אינמיטן גאַס? אַלזאָ, איר האָט שוין פאַרשטאַנען, כאַוור וועוויאָרקע?

אַף ווײַטער, כ׳ וועוויאָרקע זשאָנגלירט ניט אַזוי מיט „צופעליק" און „אַנעקדאָטישקײַט" עס קען זיך נאָך ווידעראַמאָל, כאָלילע, אומקערן מיטן פּאָנים צו אײַך.

* * *

ווער אימעצער פרעגן: צי האָט געלוינט ענטפערן אַף כ׳ וועוויאָרקעס לעצאָנעס? צי איז קעדײַ אַף דעם פאַטערן פולווער? פאַרשטייט זיך, אַז נאָר צוליבן דעמאַסקירן כאַווער וועוויאָרקעס—איידל געזאָגט—„קאַוואַלערישן אָנפאַל" וואָלט דאָס ניט געלוינט צו טאָן. געשטויסן צו אָנשרײַבן דידאָזיקע שורעס האָט מיך די לײַכטע באַציִונג צו פּרינציפּיעלע פּאָליטיש-ליטעראַרישע פראַגן; געשטויסן דערצו האָט מיך דער פאַקט, וואָס אַ שרײַבער, וואָס לעבט דאַווקע מיט אַ פּאָליטישן לעבן—דער כ׳ וועוויאָרקע געהערט אָט צו דער גרופּע—האָט זיך דערלויבט פאַרשמירן אַן אַרויסטריט קעגן דער רעכטער געפאַר, קעגן דער פאַרשלעפּערטקײַט און זעלבסטצופרידנקײַט אין דער ליטעראַטור, וואָס דאָס אַלץ צוזאַמען באַדראָט דאָך אונדז איצט אַמערסטן! וואָס וועט שוין דעמלט זאָגן אַ מיטלויפער צי אַ זײַטיקער, וואָס האָט זיך נאָך ניט אָפּגעטרייסלט פון זײַנע עסטעטיש-אַפּאָליטישע באַגריפן—וואָס וועלן אָט אַזעלכע זאָגן, ווען איינער פון די מער פאָרגעשריטענע און געזעלשאַפטלעך אַקטיווע סאָוועטישע יידישע שרײַבער וואולגאַריזירט אַזוי די וויכטיקסטע פּראָבלעם פון מאָמענט. זיי וועלן וועוויאָרקען אַפּלאָדירן, אָבער איך צווייפל, צי ער וועט דערפון איבעריקנס האַנאָע האָבן...

אָט דערפאַר געפין איך פאַר נויטיק אָפּענטפערן וועוויאָרקען אין אַן עפנטלעכער פאָרם.

יול 1929 יאָר. כ. דונעץ.

# פֿון דער רעדאַקציע.

דער כ׳ קאַמענעצקי האָט אין איינער פֿון זײַנע גאָר פֿרישע לידער געשריבן:*)

„אויב איך קען זיך ניט צעקלינגען איצט מיט שווערדן
און שאַרף אַ שניט טאָן איבער סוינעס גליד,—
בליִט אויף, איר אויסעלעך, ווי בלאַנקע שטערן
און זאָל אַ זעץ טאָן הויך מײַן ליד:
האַרץ מײַן יונגע וועט נאָך מערער העלן
אַף הויכע רישטאַוואַניעס אין די שטעט...״

אַזוי האָט דער יונגער דיכטער געשריבן דאַן, ווען ער האָט נאָר וואָס אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם רויט-אַרמעיִשן שינעל.

דעמלט האָט קאַמענעצקי אויך אָנגעשריבן די פֿאָלגנדיקע פֿײַנע שורעס:

„שטײַף פֿאַרהאַרטעוועט באַ מיר אין האַרצן
שטראָמט און אָטעמט אַ פּאַרטיי-בילעט״.

דאָס האָט אונדז געגעבן אַ היפּשן אוואַנס אַף קומענדיקער פּראָלעטאַרישער דיכטונג-פּראָדוקציע. פֿאַר די לעצטע פֿאַר יאָר האָט דער כ׳ קאַמענעצקי וויניק געשריבן. דעם וועקסל, וואָס ער האָט געגעבן, אַז „האַרץ מײַן יונגע וועט נאָך מערער העלן אַף הויכע רישטאַוואַניעס אין די שטעט״, האָט ער נאָך ניט געדעקט. דעריבער איז אינדערעמעסן פֿאַרדראָסיק, אַז באַ אַזאַ דיכטער זאָל אין אַ ליד דאָמינירן יערידע-שטימונג. און אויב די רעדאַקציע פֿון „שטערן״ האָט דערלאָזן אַ פֿעלער און דאָס ליד געגעבן אין דרוק, האָט זי געדאַרפֿט גיין אַף אַראָפּנעמען עס, ווען אַרבעטער פֿון דער דרוקערײַ—און דאָס איז דאָך זייער אַ פּאָזיטיווער פֿאַקט—האָבן ריכטיק אָנגעוויזן אַף דער ניטאַריסגעהאַלטנקייט פֿון דעם ליד. דער כ׳ קאַמענעצקי האָט דאָרטן געשריבן אַזוי:

מוז איך זאָגן דיר אַפּסניי און ווידער,
כאָטש דו ווייסט שוין דאָס אַליין פֿון לאַנג—
פֿאַר שווערע אַרבעט-טעג און שיינע לידער
צאָלט נאָך וויניק אונדזער גרויסע לאַנד.

און ס׳וועט נאָך אויסקומען אַ ביסל וואַרטן,
איך ווייס ניט פּינקטלעך און גענוי ביז ווען,
נאָר דו וועסט זען—און זאָל דיך שבּאַרק ניט אַרן—
עס וועט זיך אויסבעסערן, דו וועסט זען.

דעמלט, דעמלט—ווו איך זאָל ניט זײַן,
צי אין נאָענטע,
צי אין ווײַטע קאַנטן—
וועל איך אויסקלײַבן אַ פֿרײַע צײַט
און וועל קומען אין אַ גוטן מאַנטל
מיט אַן אויסביִנדער פֿון ריינעם זײַד.

דאָס איז באַזונדערס שווער מוחל צו זײַן, ווען דער דיכטער שרײַבט אין איינע פֿון זײַנע לידער אין דעם איצטיקן נומער „שטערן״ וועגן זײַן באַקאַנטער:

— — — — — —

„האָסטו געוויס צום גוטן זיך געענדערט,
ווי נאָך אַזעלכע טויזנטער אין לאַנד.

— — — — — —

איך קוק אַף דיר אין שטילקייט און שטרײַך אונטער:
דאָס לעבן ענדערט זיך און בלײַבט גערעכט״.

אויב אַזוי, טאָ וואָס זשע בלײַבט קאַמענעצקי אַ ל יי ן אַזוי „אומגעענדערט״ און וואַרפֿט ניט אָפּ דעם אומעטיקן אַרעמאַנסקן קליינשטעטלדיקן טאָן?

מיר וואַרטן פֿון כ׳ קאַמענעצקי ער זאָל דעקן זײַן וועקסל און דאַווקע אַזוי, ווי עס פֿאַרלאַנגט עס די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור. מיר ווילן זײַן זיכער, אַז ער וועט עס אויספֿילן.

*) זע דעם זאַמלביכל „קעפּ״, אויסגאַבע פֿון יידסעקציע „וואַפּפּ״ אין ווײַסרוסלאַנד.

# געשטאָרבן פּאַווליוק טרוס.

באַם שליסן דעם נומער האָבן מיר באַקומען די דערשיטערנדיקע ידיעה, אַז עס איז פון טיפוס געשטאָרבן דער יונגער 25-יאָריקער ווײַסרוסישער שרײַבער פּאַווליוק טרוס.

פּאַווליוק טרוס איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעמער פּויערישער פאַמיליע. שרײַבן האָט ער אָנגעהויבן אין 1923 יאָר. פאַר די לעצטע יאָרן האָט ער זיך געלערנט אין ווײַסרוסישן מעלוכע-אוניווערסיטעט.

אין דער דיכטונג איז פּאַווליוק טרוס געווען אַ ליריקער. אָבער פאַר דער לעצטער צײַט איז ער איבערגעגאַנגען צו בולעטע סאָציאַלע מאָטיוון, און זײַן פּאָעמע „דער צענטער פונדאַמענט-שטיין“, געשריבן צום צענטן יוביל פון דעם באַפרײַען סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד, איז געווען געווידמעט דער סאָציאַליסטישער בויונג.

צוזאַמען מיט דער גאַנצער ווײַסרוסישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכקײַט דריקן מיר אויס אונדזער טיפסטן צער איבערן טויט פונם טאַלאַנטפולן דיכטער.

# כראָניק.

## ליטעראַטור.

— אין ווײַסרוסישן מעלוכע-פאַרלאַג זײַנען אַרויס פון דרוק פאָלגנדיקע ביכער: מוישע טייטש—אַרום דער פאַבריק „די ערשטע שוואַלב“; טשערניאַווסקי—דער געפונענער קאַטער; אָרשאַנסקי—„בלוט“; טראַגעדיע אין 4 אַקטן; דונעץ און האָלבריך—וועגן דער מאַסנאַרבעט אויף יידיש (פאָרטראָגן אויפן פּלענום פון יידביוראָ באַם צ. ק. ק. פּ. ו. (ב) אין פעווראַל 1929 און רעזאָלוציעס); פעפער—מײַסעלעך אין פּערזן; גאָרקי—מײַנע אוניווערסיטעטן; סינקלער—געלט (ראָמאַן); לעוושענקאָ—דער מענטש (אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע און היגיענע); ביאַרוליע—סאָלאָווי (ראָמאַן); מ. ווײַנגער—יידישע דיאַלעקטאָלאָגיע.

— דער ווײַסרוסישער שרײַבער מוראַשקאָ האָט פאַרענדיקט אַ ראָמאַן „דער זון“. פון דער עפּאָכע פון 1905-טן יאָר.

— דער ווײַסרוסישער מעלוכע-פאַרלאַג גיט אַרויס אַ בוך פּראָזע „קרעניצע“ פון דעם יונגן ווײַסרוסישן-פּראָזאיקער וואַסיל קאָוואַל.

— „בעלאַפּפּ“ גיט אַרויס אין ווײַסרוסיש אַ גרויסן זאַמלבוך קריטיק „אַטאַקע“.

— דער ווײַסרוסישער פּראָזאיקער ניקאַנאָוויטש האָט פאַרענדיקט אַ גרויסן ראָמאַן „ווערסניאַנקי“.

— עס איז אַרויס פון דרוק אַ בוך לידער פון דעם דיכטער אַלעס זוואָנאַק „אַ שטורעם אין גראַניט“ און אַ בוך פּראָזע פון לימאַנאָווסקי „איבערן טהאָם“.

— אין קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג „קולטור-ליגע“, קיעוו, זײַנען דערשינען פאָלגנדיקע ביכער: וויקטאָר הוגאָ—„נאָטר-דאַם“, גי-דע-מאָפּאַסאַן—„אין דאָרף“, י. קיפּניס—„לאַנע“, נ. לוריע—„דער לעצטער בער“, אַ קינדער-פּיעסע.

—אין פאַרלאַג „עמעס“ (מאָסקווע) איז דערשינען דאָס ערשטע בוך פון דער ראָמאַן-ביבליאָטעק „טיסע ברענט“.

— „געזקולט“ האָט באַשלאָסן זיך ווענדן צום „צענטרפאַרלאַג“ וועגן אַרויסגעבן די פּאָרטרעטן פון די יידישע שרייבער.

— דער יידסעקטאָר בײַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע האָט אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד „רויטע בלעטער“ (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג).

— דער כ׳ איציק פעפער און ד. האָפשטיין גרייטן צום דרוק אַן אַנטאָלאָגיע פון דער אוקראַינישער דיכטונג אין יידיש, וואָס וועט דערשײַנען אין מעלוכע-פאַרלאַג פון אוקראַינע.

— כ׳ איציק פעפער אַרבעט איבער אַ פּאָעמע „גרוזיע“, וואָס וועט צוזאַמען מיט אַנדערע זײַנע לידער דערשיינען אין דער ביבליאָטעק „יידישע שרייבער“.

רעדקאָלעגיע: ש. אַגורסקי, ב. אָרשאַנסקי, א. אָשעראָוויטש, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאַריק.

מינסק, דרוקערײַ פון ווײַסרוסישן מעלוכע-פאַרלאַג. באַשט. 3457 גלאַווליטבעל 2578. טיראַזש 2000.

